## וועגן דער דיכטונג פון יוסף קערלער

...איך האָב דאָס פּיראַויסגעשיקט, כדי צו מאַרקירן די דיאַלעקטיק, וואָס האָט זיך אין אַ סינטעז פון הויכער באַוואוסטקייט און טיפער וויזיע, אויסגעצייטיקט אין יוסף קערלערס ליד. ער איז נישט דער איינציקער, וואָס איז צו דעם סינטעז דערגאַנגען, אָבער אין רעם פון דער סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור איז ער, לעת־עתה, דער איינציקער און ערשטער, וואָס האָט עס געטאָן בריש גלי, נאָך זייענדיק אונטערן אייזערנעם פירהאַנג, און דאָס וועט אים דאָס יידישע פאָלק און דאָס יידישע לאַנד קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

**דב סדן – איך נשיר...**
„פאָלקסבלאַט" 7–8, 1971

יוסף קערלער איז דורך זיין ליד און קאַמף און נאַציאָנאַלער בענקשאַפט געוואָרן אַ שליח ציבור פון דעם ציון־באַגערנדיקן סאָוועטישן יידנטום...
אַז וואויל איז צו אַ פּאָעט, וואָס זיין ליד איז געוואָרן אַ טוונג און וואָס זיין טוונג איז געוואָרן ליד.

**אהרן צייטלין –**
פון פרייטאָג ביז פרייטאָג
„טאָג־מאָרגן זשורנאַל", 26–11, 1971

זעט איר דאָך, אַז יוסף קערלער איז נישט בלויז דער מעכטיקער פּאָעט פון קאַמף קעגן שלעכטס און אונטערדריקונג, נאָר איז אויך (און איז עס אויך דעמאָלט געווען) דער פיינער, איידעלער און אָריגינעלער ליריקער.

**ישראל עמיאָט –**
יוסף קערלערס „זעט איר דאָך"
„פאָרווערטס", 24–6, 1973

אין קערלערס דיכטונג האָט זיך באַהאַפטן די בענקשאַפט נאָך מענטשלעכער גערעכטיקייט פון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור מיט דער שטרענגער מאָנענדיקער קראַפט פון דער יידישער מאָראַל...

– – – – – – – – –

דאָס איז אַ דיכטונג, אין וועלכער דאָס שטילע, מילדע און לירישע וואָרט גייט געאָרעמט מיט שטורעמדיקן צאָרן און מיט וויטיקלעכן אומרו, ווי דעם דיכטערס ווירקלעכער גאַנג אין לעבן.

**דוד ספארד –**
פון בוך „מיט זיך און מיט אַנדערע",
1984, ז. 449

יוסף קערלער

# דווקא איצט

## פון די לעצטע און אַנדערע לידער

יוסף קערלער

# דווקא איצט

פון די לעצטע און אַנדערע לידער

פאַרלאַג "ירושלימער אַלמאַנאַך"

ירושלים, תשס"ו

יוסף קרלר

# דוקא עכשיו

שירים חדשים, אחרים ואחרונים

Josef Kerler

# Now Is the Time

new and last poems

צוגעגרייט צום דרוק: דוב־בער קערלער



Printed in Israel

נדפס בישראל 2005

בדפוס "צור־אות", ירושלים, טל. 5389776

אָט די נײַע זאַמלונג פֿון יוסף קערלערס לידער איז כּמעט אינגאַנצן גרייט געווען צום דרוק נאָך בײַם דיכטערס לעבן. עס האָט געזאָלט אַרײַננעמען אַלע זײַנע נײַע לידער פֿון די לעצטע יאָרן און אַ קלײנע צאָל פֿון די וואָס זײַנען דערשינען אין די פֿריערדיקע בּיכער.

לכתחילה האָט דאָס בוך באַדאַרפֿט הייסן "זוניקייט" – אַן אָנצוהערעניש אויף דער שטאַרקער, שאַרפֿער, שרפֿענדיקער ארץ־ישׂראלדיקער זון וואָס האָט זיך אַזוי רחבותדיק צעשײַנט איבער די דרײַסיק יאָר פֿון זײַן שפּעדיקער נאָך בּאַרג־אַרויף אין דעם לאַנד פֿון זײַנע "קינדסקינדער און אבות". – "איז דאָך דאָס ניט מער ווי אַ קאַטאָוועס..." – ווי סע שטייט גלײַך ווײַטער אין דעם ליד, "אויפֿן וועג שטייט אַ בּוים", וואָס יוסף קערלער האָט אויסגעבענקט אין דער ווינטערדיקער פֿאַרשנייטער מאָסקווע אין 1969.

דעם לעצטן זומער וואָס אונדז איז באַשערט געווען צו פֿאַרברענגען צוזאַמען אין ירושלים, אין יאָר 2000, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער נאָמען "זוניקייט" איז דעם טאַטן מער ניט געווען ניחא. מ'האָט לאַנג געזוכט אַן אַנדערן ביז... ביז די עובֿדה צו געפֿינען אַ פּאַסיקן נאָמען איז געפֿאַלן אינגאַנצן אויף דעם פֿאַריתומטן אַרויסגעבערס פּלײצעס...

דער נײַער נאָמען, "דווקא איצט", וואָס האָט, פּונקט ווי דער פֿריערדיקער, אַ בפֿירושן אָנשפּאַר אין זײַנס אַ ליד, נייטיקט זיך ניט אין קיין שום פּשטלעך צי פּירושים. אַלע ניט־דאַטירטע לידער זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פֿונעם מחברס לעבן. דער אָפּקלײַב פֿון די "עלטערע" לידער, וואָס מיט געציילטע אויסנאַמען זײַנען זיי לרובֿ אַרײַן אין דעם פֿאַר־לעצטן אָפּטייל, איז אויף דעם אַרויסגעבערס אחריות.

דער סאַמע לעצטער אָפּטייל באַשטייט פֿון יוסף קערלערס ליריקער פּאָעמע, "מײַן ייִדע – יאָסעלע בדחן", וועלכע ער האָט געשאַפֿן אין דעם פֿינצטערן גולאַג – אין וואָרקוטאַ. ווען ער האָט זיך אומגעקערט נאָך זײַן באַפֿרײַאונג, סוף 1955, קיין מאָסקווע, האָט אים איינע פֿון די עלטערע "ייִדיש־סאָוועטישע" פּאָעטעסעס געראָטן: "איצט וועט איר און אײַער דור שוין מוזן אָנהייבן שאַפֿן אויף רוסיש". זײַן ענטפֿער איז געווען: "דווקא איצט, וועל איך אויך ווײַטער שרײַבן און זינגען אויף ייִדיש! דווקא איצט!.."

דאָס דאָזיקע בוך דערשײַנט צו יוסף קערלערס פֿינפֿטן יאָרצײַט.

דווקא איצט.

ד.־ב. ק.

ירושלים, מוצאי תשעה־באב תשס"ה
ערב גירוש גוש קטיף

# אינהאַלט

## זוניקייט



## דור הולך ודור בא



## דווקא איצט

## קורצע לידער בעת אַ לאַנגן וועג



## מיט אָפֿענע אויגן



## נאָענט פֿונדערווייטנס

טאַקע שיין ווי די וועלט
איז די וועלט,
גאַנץ פּונקט ווי דער מילגרוים –
קיין טראָפּנדל שיינקייט
ניט פעלט.
און די שטילקייט די טיפסטע
קיין ווײַלע ניט שווײַגט
ווײַל ס'בליט אַזוי ליכטיק
דער צוויט אויף דעם צווײַג
און איר לויטער געזאַנג,
אַז די יאָרן פאַרשפּילטע
געווינסטן אויפסנײַ
און עס טראָגט זיך אומעטיק
צום בורא דײַן דאַנק:
טאַטע = פאָטער
זאָל עמיצער פרוּוון מיך שנײַדן
אויף שטיקלעך
וועל איך אויך ניט פאַרפעלן
מיט פרייד זיך צו וויקלען
ווי די ווײַסינקע, פייערלעכע בלימעלעך
אַרום דעם קרומלעכן מאַנדל־בוים שטאַם
און אַנפּלון צוזאַמען מיט מײַן לעבן גאָטעס
עס אויפבליִען צעוועלט מײַן טרייע ליבשאַפט
צו דעם לעבעדיקן ~~ד~~ דער־וועלט.

## זוניקייט

די זון
הינטער דער קאַלטער
כמאַרע־געדיכטעניש
אויך זי,
נאָך אַביסעלע זון־שיין,
נאָך אַביסעלע ליכטיקייט,
זי לעכצט,

זי זוכט צווישן וואָלקנס
אַ שפּעלטעלע, אַ שפּאַרונקעלע
כדי אַרויס פון דער טונקלעניש
און ווען זי געפינט –
מיט אַ פרייד־געקרעכץ
זי טוט זיך אַ רייס אַרויס –
און וואַרעם ווערט,
און ליכטיק ווערט
אויף גאָר דער אויסגעפלאָגטער ערד,

## איר הערט?!

איר הערט,
ווי טייערע קינדערלעך
לערנען זיס, געשמאַק און הייס
די קלוגע ווערטער
פון יידישן אלף־בית

און ווי די מילדע זון,
זי קאַרגט ניט אירע שטראַלן
זיי זאָלן ווי גילדענע רענדלעך
גלייך אין די הענטלעך פאַלן
פון די גליקלעכע,
פלייסיקע יידישע קינדער –
אַ געזונט אויף זיי!

# מיין דריילינג

א

מיין טייערע,
שטעל אָפּ זיך אויף אַ ווײַלע.
כ'פֿאַרשטיי – ביסט מיד.
אויך איך באַדאַרף
זיך אָפּשטעלן אַ ביסל,
כּדי אַ זינג טאָן צוליב דיר
מיין שטילע ליד:
צו וואָס באַדאַרף מען איצט
די יונגע קלאַפּטער־מיילן ציילן?
אַלצאיינס –
דורך אַלע ווייטיקן און פּלאָגן
מיר וועלן איינס דאָס אַנדערע
צו ווייטסטער ליכטיקייט
דערטראָגן.

ב

די שורות מײַנע
לויפֿן קרום און קאָסע,
גלײַך פֿון הונגעריקע הינער,
ווילד־געוואָרענע,
אַנטלויפֿן וואָלט די פּראָסע
און דאָס איז גאָרנישט שלעכט,
מײַן ליבער זון –
ס'גײט אויף אַ יונגע
אויסגעבענקטע זון.

ג

אַ דאַנק, מײַן קינד,
פֿאַר דײַן געשאַנק.
פֿאַר דעם גראָסאַרטיקן אַלבאָם.
אַזעלכע פֿלעגן אַמאָל ניצן
גרויסע דיכטער,
כּדי מיט אײדלע טינט־און־פֿעדער
אויסצאַצקען פֿאַר די דערווײלטע
צאַרטע ליבע־מאַדריגאַלן...

אַ דאַנק פֿאַר דעם גראָסאַרטיקן
אַלבאָם...
נאָר פּלוצעם – באָם!
און גלײַך ווי ס'וואָלטן אומגעריכט
און שנעל
ווי קראַטן גילדענע אַ פֿאַל געטאָן
און אָפּגעזונדערט מיך אינגאַנצן
פֿון מײַן לעבעדיקער וועלט.

ניין, ניין – אויף האַרטן פּאַקפּאַפּיר,
נאָך בעסער – אויף דער רײנער זײַט

פון ביכער אָפּצוגן בין איך געוואוינט
פאַרשרייבן מיינע לידער.

אַצינד? –
אַצינד איך שפּיר מיך
קורח רייך –
איך הערש דאָך איבער גאַנצע שטויסן
ריין פּאַפּיר,
אַזאַ עשירות!
באַדאַרף מען, דאַכט זיך,
גליקלעך הערשעווען?..

טויג עס ערשט ניט,
ווייל אויף דער קלאָרסטער וואָר
קומט אָן מיט גרימעניש
דאָס אויסגעבענקטע
און דאָס אויסגעקרענקטע וואָרט.

## פרימאָרגן־ליד

מיין זון דוב־בער

ניט געאײַלט זיך, ניט געכאַפּט,
מעג נאָך זיין, ווי ס'דאַכט –
צו ווייט,
ווען ס'טו קומען צו דער צייט,
ווען דער גאַלאַגאַנסקע האָן
פון דעם סאַמע העכסטן פּלויט
מיט באַגייסטערונג זאָגט אָן:

קו־קאַ־רע־קאָ – קוקט נאָר אָן –
אונדזער וועלטל – יונג און שיין
פול מיט שיין און כלה־חן
רויטלט זיך פון זונען־שיין,
אונדזער גרויסע וועלט, קיין־הרע,
קומט צו אונדז אויף לאַנגע יאָרן
דורך האַרטן שטיין און שטעכיק דאָרן,
דורך אַש און פּאָרעך,
פּוך און פּראַך
און ניט מיט קיין פאַרקלעמטע ציין,
קומט צום שענצטן אינדערפרי,
און גאָט צו דאַנק –
ניט אויף די קני.

אָקטאָבער 1996

# אויפן שטענגל

אויפן שטענגל
אַ ליכטיק ווייסע בלום
זי הערט ניט אויף צו שטראַלן
גלייך אַ ציטערדיקע אויסגעפּוצטע כלה
וואָלט מען צו די חופּה־שטאַנגען פירן.
אָבער הער אַ מעשה –
וואָס מער איך בליק זיך איין
אין אָט דער רויז דער ווייסער
אַלץ מער און מער באַראַשן מיך
פֿאַרשיידענע פילפאַרביקע
קאָלירן,
ביז כ׳קום ווי ס׳דאַכט
צום ענדלעכן סך־הכל:
כ׳וועל, חלילה, ניט אַראָפּ פון גלייכן זינען
אויב כ׳וועל די גלייכע צאָל
פון די קאָלירן ניט געפינען.

## מרים

מרים, מרים, מירעלע
ביסט מיין גילדן שירהלע
ביסט מיין גילדן קעפּעלע
קייקל זיך אַראָפּ
אויף מיין זילבערנעם קאָפּ
ווי אַ גילדן עפּעלע
וועט מיך אָפּפרישן אַ רעגן
פֿאַר די קליינע קינדערסוועגן
פֿאַר די קינדס קינדערלעך מיינע
זאָלן זיי מיין פּרי
באַשיינען.

## גוטמאָרגן דיר!

צי דו באַגעגנסט מיך
מיט בלויען מאָרגן טוי
צי גאָר מיט גרייזן וואָלקן־גרוי –
גוט־מאָרגן דיר, – גוטמאָרגן!
צי שמייכלסטו צו מיר אַראָפּ
מיט אויסגעבענקטן גאָלד פון האַרבסט
צי מיט געקרעכץ פון דאַרער צווייג
וואָס פריצייטיק
מיט ווייטיק שטאַרבט, –

גוט־מאָרגן דיר,
גוטמאָרגן!
צי ווען די יונגשאַפט
בלענדיק שטראַלט,
צי ווען די זיקנה
פרעסטלט קאַלט
אָבער בעיקר –
אַ גוטמאָרגן דיר,
מיין לייב־און־ווייב!
וואָס מער מיר ווערן
ווי מען זאָגט אונדז
אַלט און קראַנק, –

גוט־מאָרגן דיר,
מײַן פֿרוי,
מײַן זוניק־יוגנטלעך
מײַן גאָטס געשאַנק
וואָס מאַכט עס אויס
דאָס ביסל גרײַז און גרוי
אין קרײַז אין קאָסמישן
פֿון קינדער און פֿון קינדסקינדער –

גוטמאָרגן!

## די וועלט

טאַקע שיין ווי די וועלט
איז די וועלט,
אַזוי פול ווי דער מילגרוים –
קיין טראָפּנדל שיינקייט
ניט פעלט.

און די שטילקייט די טיפסטע
קיין ווילע ניט שווייגט
ווייל ס׳בליט אַזוי ליכטיק
דער צוויט אויף דער צווייג
און איר לויטער געזאַנג,
אַז די יאָרן פאַרשפּילטע
געווינסטו אויפסניי
און סע טראָגט זיך אַלמעכטיק
צום בורא דיין דאַנק:

טאַטע־פאָטער,
זאָל אימיצער פרואוון מיך שניידן
אויף שטיקלעך,
וועל איך אויך ניט פאַרפעלן
מיט פרייד זיך צו וויקלען
ווי די ווייסינקע, פייכטלעכע בלימעלעך
אויף דעם קרומלעכן מאַנדל־בוים שטאַם
און אפילו צוזאַמען מיט מיין לעצטן אָטעם
וועט אויפבליצן צעקוועלט מיין טרייע ליבשאַפט
צו דער לעבעדיקער דאָ־וועלט.

מערץ 1997

## פויגל שפּראַך

טאַקע נאָר ווי אוליענשפּיגל
איך פּייף זיך לעצטנס איבער
מיט די פרייע וואַנדער־פייגל
אויף ריינער פייגל־שפּראַך

מיט דער טערקל־טויב
איך ברום, און וויין, און לאַך,
איך ברום זיך איבער און איך טריליער
ניין ניט אויף טערקיש –
אויף יידישער,
אויף ריינער לידער־שפּראַך!

די שוועלבעלעך וואָס קלאַפּן אָן
און צוויטשערן אַריין
אין מיינע בלויע פרימאָרגן־שויבן,
מעגט איר מיר גלויבן –
זיי פאַרשטייען דאָך אויך מיין לשון!

מעגלעך, צי דווקא, ווייל
אין די בלוטיק־הייסע מלחמה־שלאַכטן
האָב איך די אייבערשטע ציין פאַרלאָרן,
און די אונטערשטע –
אין די פּאָליאַרע סטאַלין־לאַגערן
אויסגעפראָרן
איז העלף מיר, גאָט, מיין פאָטער,
דאָ אויף מיין ערד נאָך אויפשליסן די הערצער
די גאָרע הימלשאַפט צו מיר געהערט נאָך...

און כ'בעט איך, ליבע פריינט,
ניט איבעריק צו טרויען
פון וועלף פון אויסגעהונגערטע
די איינזאַמע געוואויען
ווי אויך דאָס בייזע קראַקעניש
פון שוואַרצע קראָען!
טפו, טפו, טפו

## אַ בוים אַזאַ – מיין ערבה

די ערבה, מיין שיינער בוים
דערמאָנט מיר יענע ווייטע איווע,
זי פלעמלט אין זכרון קוים,
פאַרבויגן אירע צווייגן סיווע
צום שטילן טייכל אין דער פרעמד,
וואָס איז נאָך ערגעצוואו מיר אייגן...

די איווע, וואָס ביים האַרצן קלעמט,
גלייך ס'טייכל טריפט פון אירע אויגן
איז פאָרט, נישט ווי מיין שיינער בוים,
וואָס האַלט זיין צאָרן אויף אַ צוים,
ווייל ס'לעצטע ביסל וואַסער טריקנט,
ווען הימלען שרפהן נאָכאַנאַנד
איבער דעם לעכצנדיקן זאַמד
און גראָז אין געלע קנוילן –
שטיקט זיך...

פאַרעקשנט שטומט מיין ערבה,
ביז קומען מוז דער ווינט אין כסלו
מיט בליץ און דונער אויפצושליסן
דעם האַרבן הימל... און שוואַליאָם –

די ביטערניש פון דאָרשט פֿאַרשווענקען
מיט שלאַקס־רעגן, מיט כוואַליע־שטראָם
פֿאַרלעשן, איינשלינגען די בענקשאַפֿט.
דאַן שטורעמט איף מיין ערבה, –
דאָס לעצטע גאָלד זי פליקט פון גריווע...

– – – – – – – – – – – – – – –

כ׳פֿאַרגעס קיין זאַך נישט און דערפֿאַר
כ׳בין זייער ווייט פון יענער איווע,
וואָס חלומט זיך מיין קינד אַ מאָל,
פֿאַרבויגן טיף די שטילע צווייגן
אין יענעם שיינעם יאָמער־טאָל,
וואו ווייגעשריי מע מוז פֿאַרשווייגן...

1977

# איר זאָגט

ייִדיש, – זאָגט איר, – דאַרף און מוז פאַרשווינדן,
אפשר לוינט זיך אַ קאַפּיטשקע טערפּען, –
זאָגט איר, – אָט די גרילצנדיקע
מאַרק־און־געטאָ שפּראַכוליע
צוליב אויספּוצן מיט אונדזער
גוטן ווילן די גראַנדיעזקייט
פון די קבצנישע פּוי פּעסטיוואַלן
אָבער...
– וואַרט נאָר, פּאַל איך אַריין אין די רייד, –
אפשר זייט איר טאַקע גערעכט –
ס'קען זיך מאַכן,
אַז אונדזער מאַמע־לשון
וועט אויך אַמאָל און פּלוצעם
פּאַלן,
פאַרשפּריצנדיק דעם שפּאָגל־ריינעם רוים
מיט אָפּפּאַלעכץ
מיט שטיין־און־דאָרן
וואָס די ייִדיש־פּאַרדאַרבער
האָבן געפּלאַסטערט הונדערטער יאָרן;
זייט איר טאַקע אויך פון אַזאַ בראָך
באַוואָרנט?

# חלילה

לזכרון מיין פריינט, דעם חבר זאלי אַפּעל

חלילה, חלילה – פאַרלירן דעם שמייכל!
פאַרלירסטו, – פאַרבלייבט ניט
קיין סימן, קיין צייכן,
אַז דו האָסט געלעבט
און צו עפּעס געשטרעבט,
צי ביסטו אפילו
פון ערגעץ אַוועק...
קיין סימן
קיין צייכן,
אפילו קיין פלעק
אויף נאַסלעכן גראָז
וואו די מערעשקעסווימלען...

נאָר דו ביסט, מיין פריינט,
מיט אַ שמייכל אַוועק –
די ליכטיקסטע הימלען
פון שלאָף אויפגעוועקט.

## ניט שטאַרב!

ביסט טאַקע טייערער,
אַזוי גרויס –
ווער קאָן צו דיר זיך גלייכן?
אָבער ס'איז פאָרט גלייכער
ניט שרעקן די שיינע וועלט.
זי וועט, חלילה, ניט אונטערגיין,
אויך דיין געדעכעניש
מיר דאַכט
וועט זוכה זיין צו שוועבן
פריש און לופטיק
זאָל זיין אפילו
ווי די שפינוועבס־פעדעמלעך
אין פרישער זוניקייט
פון שפעטן האַרבסט
און וועט ביי דיר זיך בעטן:
טייערער, ניט שטאַרב!

## ווען ס׳פאַלט אַ דעמב

ער איז געפאַלן, זאָגט מען,
ווי אַ דעמב...

פאַלן ווי אַ דעמב?

איך וויל ניט פאַלן ווי אַ דעמב!
ס׳ווערט ביזן שאַרפן ווייגעשריי
ניט היימלעך...
ווען ס׳פאַלט אַ דעמב,

ווען ס׳פאַלט אַ דעמב אַנידער
דערמאָרדעט ער אַרום
די יונגע ביימלעך
און צעקאַליעטשעט אָן רחמנות
זיינע דעמבן־ברידער.

ניין, כ׳וויל ניט, ניין!
פֿאַלן וויל איך ליכטיק־ריין,
פֿאַלן וויל איך דווקא לייכט, לייכט
ווי ס׳פֿאַלט אַ פּעדערל
אַ פֿאָרכטיק שווייגנדיקס
פֿון יענער ווייסער טויב
וואָס טראָגט אין שנעבעלע
דאָס אויסגעבענקטע
לאָרבער צווייגעלע
פֿון שלום.

*

ניט צי נאָך זיך קיין שלעפּ־לייצעס
פֿון איבערגעווייטיקטע רייד,
זיי קליגער פֿון דעם:

וואָס דער האָט אַמאָל ערגעץ געזאָגט
און יענער האָט ערגעץ געשפּעט,
זאָלן די דאָזיקע דאגות
ווי לײדיקע פֿעסער פֿון באַרג
זיך קייקלען אַראָפּ
און, דו, – שפּאַן ווייטער
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ
און זינג פֿאַר זיך דאָס שיינע לידעלע:
„שפּאַצירן, שפּאַצירן
זיינען מיר געגאַנגען
מיט מיין טייער ווייבעלע,
מיט מיין זיסן טייבעלע.
שפּאַצירן, שפּאַצירן
די גרעטשעסקע מיט אונדזער זינגעניש
באַצירן...“

★

כ׳האָב איינמאָל שוין, ווי זאָגט מען דאָס, געקלאָגט
אַז כ׳האָב ניט ליב קיין לידער וועגן לידער, –
צי בין איך דען ביז איצט דער זעלבער שוטה
וואָס דווקא יענע לידער שפּאַרן ווידער שוין
פון מיר,
ברעכנדיק ווי גרינגע צויטן
די שווערע דאַמבעס הינטער מיינע ווייטיקדיקע הויטן?!..

נאָר מילא,
זאָל שוין בעסער זיין אַזוי
כל־זמן סע טרייסלט זיך
נאָך צייטנווייז פון קאָפּ
דאָס ביסל גרייז און גרוי.

## שאַרפע ווינטן

שאַרפע ווינטן
וואויען אַלץ נאָך, וואויען
אין די ווינטער־טעג,
די גרייזע,
ווען סע טרייבט מיך
ווילדע בענקשאַפט
אין מיין רייזע אויף צוריק.
ס׳רעווען ווי די בייזע רוחות
יענע וויסטע זאַווערוכעס...
מאַכט אַ וואַרע,
מאַכט אַ וואַרע –
ענדלעך – כ׳קום אין טראַנס־פּאָליאַריע
פון מיין קאַטאַרזשאַנסקע צאָרן,
צער־און־צאָרן, שטיין און דאָרן,
אייביקייט און אויגנבליק...
ס׳מעגן פלעכטן תליה־שלייפן
קייכנדיקע מכשפות –
שטומפּיק ווערט ער ניט, מיין בליק,
צו דער קינדהייט אויף צוריק.

## אַ גרוס פון מאָסקווע

דער אַמאָל אויסגעסטראָצלטער,
אָנגעבלאָזענער פון גאווה, בנין
פאַר פריווילעגירטע יחסנים
שטאַרצט איצט אַ נעבעכדיקער,
אַן אָפּגעריבענער,
אַ פאַרלאָזטער...

אינווייניק, –
אין דעם נאָך מער אָפּגעטראָגענעם
קאַבינעט
זיצט פאַרגליווערט,
פאַרטיפט אין זיינע פאַרגעסענישן
אַ יונגער נאָך,
ווייט פאַר דער צייט גרייז געוואָרענער
פאַרעלטערטער קראַנקער ייד.
ערגעצוואו פון דער טיפקייט טויכן אַרויף
שטיקלעך קלאָרע געדאַנקען:
– צו וואָס דאָס לעבן,
ווען די מעכטיקע גרויסמאַכט
האָט פלוצעם געפלאַצט
ווי אַ זייפנבלאָז.
און אויף שטיק־שטיקלעך
האָט זיך צעבראָכן די ריזיקע,
די שטאַרקע שרעק, אין וועלכער ער האָט
געמיטלעך ווי אַ פיש אין וואַסער
אָפּגעציטערט דאָס גאַנצע לעבן זיינס,
צו וואָס,
צו וואָס,
צו וואָ–אָ–ס?

## זייט געהיט!

קוקט ניט אויף מיר
ווי כשרה בהמות
מיט פּאַר־חי־דוש־טע אויגן
און אַ פול מויל מעלה־גרה־ניש...
מיט ווייטיקלעכן אומרו
באַשווער איך אייך
און כ׳זאָג:

די "יידישע גאַס"
אויף קעסט פון "סאָוועטיש היימלאַנד"
איז פול מיט געביפטע יאַטן
טאַקע דאָרטן פון קינדווייז דערצויגן.
פּאַר פּעטע,
צי פאַר אויסגעבעטלטע קלינגערס
זיינען זיי גרייט צו פאַרקויפן,
אפילו דעם אייגענעם טאַטן.

באַהיט אייך דער אייבערשטער
אויף אַ ווילדע פאַרגעסן,
היט זיך פאַר די דאָזיקע "ליטעראַטן",
די היינטצייטיקע פּיראַטן
פון דעם יידישן קולער־געסל!

זייט געהיט!

פעברואַר 1997

## שענער

אויב פֿאַלן –
איז ווי אַ הירש אין מיטן שפּרונג
מיט די צעצווייַגטע הערנער
אונטער
די צעבליצטע הימלען

אויב פֿאַלן –
איז ווי אַן אָדלער אין סאַמע פֿלי,
מיט הייסער ברוסט
אויף שאַרפֿסטן פֿעלדזן־שפּיץ...

– שיין?

שענער, –
ווען קיינער מערקט ניט,
ווען לייטן דרייען זיך
אין וואָכעדיקער יאָג־ראָד,
פֿלוצים און געוויינלעך –
פֿאַלן ווי אַ מענטש,
אונטער דער לאַסט
פֿון טרייסאַפֿט
און פֿון צוטרוי.

1979

## דור הולך ודור בא

ניכטערער,
ברידערלעך,
שיכור פון ניכטערקייט –
ס'גייט נאָך ניט אונטער
די וועלט:
אַ דור לעשט זיך אויס
און אַ יונגער נעמט ליכטיקן,
שפּירט איר ניט, פריינט,
ווי סע העלט?

אַזאַ איז דער גאַנג
און אומזיסט
איז דאָס קאָכן זיך,
כ'בעט אייך,
ניט קריכט פון דער הויט,
באַשמייכלט מיט יום־טוב
די וואָכיקסטע וואָלקנטעג –
די שפּיל צווישן לעבן און טויט.

## נעכטיקע לאָקשן...

"קומט מאָרגן וועל איך אייך
מכבד זיין מיט נעכטיקע לאָקשן"
איר הערט אַ לשון?
ס'האָט דאָך אַ שייכות
צו מיינע לידער, די נעכטיקע!
אין זיי איז פאַרבאָרגן
מיין חלום מיין ליכטיקסטער,
אין זיי איז פאַרבאָרגן
מיין גרויסער, מיין פרישער
ביז פרייד אויסגעפלאָגטער
פרימאָרגן.

## ווער חזרט איבער

ווער חזרט איבער
שוין געדרוקטע לידער?
אַ טיפּש ווערלכער האַלט
אַז דאָס לעבן איז אַריבער
און נאָכן טויט
וועט ער ערשט אויפשטיין ווידער
כדי אויפסנייִ
פֿאַרעפנטלעכן
שוין געדרוקטע לידער.

★

פֿאַרוואַלגערטע,
פֿאַרוועלקטע מאַנוסקריפּטן,
זיי זיינען אַזוי פֿריש און טייער מיר
אַמאָל געווען...
זיי האָבן מיך אַצינד
ביז גרייַז־און־גראָ פֿאַרקריפּלט
פֿאַרוואָס כ׳האָב זיי באַצייטנס
ניט פֿאַרברענט; –
כ׳וואָלט איצט מיט וואַרעמע
מיט יונגע, פֿרישע אַשן
ס׳צעקנייטשטע פּנים זיך,
ס׳פֿאַרמאַטערטע,
זויבער אויסגעוואַשן.

## ניט אויסגעשעפּט

ניט אויסגעשעפּט איז ביז צו־גרונט
מיין חי געלעבט, אַבי געזונט
און ס'ליכטיקט זיך
מיין ווייטער שטערן...

נאָר אויב דערשפּירן כ'וועל –
מיין שטערן האַלט זיך שוין
ביים לעשן –
ווי אַ לפּיד וואַרף איך מיין ליד
מיט בענטשונג און באַוואונדער
פאַר מיין אויפסניי צעזונגען
מאַמע־לשון
פון מיין יונגן
איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

ניט אויסגעשעפּט
איז ביז צו־גרונט
מיין חי געלעבט, אַבי געזונט
און ס'ליכטיקט אונדזער ווייטער שטערן.

# דווקא איצט

איך בין קיין מלאך ניט
און כ׳לעב ניט צווישן קיין מלאכים
נאָר דאַנק און לויב דעם אייבערשטן –
די אויגן מיינע
זיינען ניט פאַרשטאָכן
כ׳זאָל שווענקען זיך אין ביטערניש
פון גרייז־און־גרוי,
אַ נאַקעט־עלנטער
כדי אַרויס אַ ריינער
ווי ס׳גראָז נאָך אַ פרימאָרגן טוי,

נאָר יענע לייט...
יאָ יענע לייט געמיינע,
וואָס האָבן צוגערויבט מיין צוטרוי –
זאָלן זיי געזונט זיין
עד מאה ועשרים,
פאַר מיר זיינען זיי שוין
פון לאַ–אַ–נ–ג אַוועק, –
קען מען דען האָבן טענות צו די טויטע?..
ניט מער – מע דאַרף געהיט זיין
דווקא איצט –

ס׳גיהנום פלאַקערט, פייער־פונקען שפריצן
און ס׳טריפט מיט גיפטיק־הייסער סלינע,
מיט גאַל מיט גרינער
טאַקע פון דער זעלבער
אומגעלומפערטקייט פון קנאה.

# דעם זון

בערג מיט פֿאַרוואַלגערטע,
פֿאַרוועלקטע פּאַפּירן
האָב איך הײַנט אַרויסגעוואָרפֿן
אויפֿן מיסט,
כ'בין זיכער, מײַן קינד,
אַז דאָס איז ניט אומזיסט –
דיר, מײַן טרײַער יורש,
וועט עס ברענגען געוויס
גרויסע נוץ:

וועסט זיך ווײניקער באַדאַרפֿן ראָיען
אין שמוץ
כּדי צו געפֿינען
אַ שמעק פֿון גוטס,
ערגעץ אַ גוטן מיין.

צו אַלדי וויסטע יאָר
די סענטימענטן פֿון מײַן דור,
די באַריידענישן, די פֿליאָטקעלעך
פֿון געוויסע סעקסאָטקעלעך...

טראָג זיך ווײַטער, מײַן קינד,
ווי אַ שיינער פֿייער־פֿויגל
צום ליכטיקן קאַיאָר
פֿון איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט
וואָס פֿאַר זיי, די אייניקלעך מײַנע,
איז דאָס בכלל ניט קיין וואונדער, –
ס'איז געווײנלעכער פֿון עכטער וואָר.

6 מערץ 1997

# גראַמען

מע דאַרף ניט,
מע דאַרף ניט,
מע דאַרף ניט קיין גראַמען,
זיי זאָלן פאַרשעמען דאָסווירקלעכע וואָרט
ווען דורות פאַרגייען
און ברעכן די הענט זיך
אין ליכטיקן אויפגאַנג
פון זוניקער פרייד.
– – – – – – – – – – –
מע דאַרף ניט קיין גראַמען.

★

אָן גראַמען?
וואָס גילטיקט אָן גראַמען?
פאַריתומט קען בלייבן, חלילה,
די מאַמע, –
דאָס בריוועלע שרייבן וועט ווער
צו דער טרייער און גוטער?
פון בענקשאַפט קאָן אויסגיין, חלילה,
די אייביקע מוטער...
די ים־כוואַליעס קענען, חלילה,
שוין אויפהערן טאָטשען די שטיינער...
אָן גראַמען בלייבט גאָרניט –
בלייבט גאָרניט און קיינער
אָן גראַמען.

## אַן איבעריקע צניעות

אַט דער מאָדנער דיכטער, הערט נאָר,
ווערט ניט מאַגערער, ניט פעטער
צי פון שטעכלקעס און דערנער,
צי פון טשאַכלע לאָרבער־בלעטער.

און זייט וויסן, אַז דער עיקר
ווי דעם שוואַרצן קאָטער הערט ער,
סיי די לויב־געזאַנגען פריקרע,
סיי די זלידנע זידל־ווערטער.

און ער קריכט אויפסניי אין פייער,
שפּאַנט און פּאַלט און פרזאווט זיך שטייגן,
ווילט איר – מעג מען אים פאַרשרייען,
ווילט איר – קען מען אים פאַרשווייגן...

נאָר דער מאָדנער יוסף קעלרער,
ווייסט פיל מער פון זיינע שעצער
ווי דעם אָקס ביי ביידע הערנער
אויף די קני אַנידערזעצן.

ירושלים, 1978

שפּאַנען מיר אַלע אויף דער ערד
וואו געלאָזט האָבן מיר וואָרצלען
צוזאַמען מיט די אַלטערטן = און מאַנצע = בוימלעך.
אונדזערע ווינטער דאָן, עקשנותדיקע וואָרצלען
האָבן ~~מיר~~ מיר אַרײַנגעשלעפּט
אין דורותדיקע
פֿון ארץ. ישראל שטײן = און = דאָרן = בוימען
ביז ...
ס'בעט באַגלייק מיט אונדזער הײסן בלוט
אַ טרונק געטאָן, אַ שפּאָר געטאָן
אַזוי פֿאַרפֿלײצניש
פֿון פֿרישן, כוואַליעדיקן שטראָם
דאָרטן ערגעץ פֿון דעם טיפֿסטן טיף?

## פאַמעלעך

פאַמעלעך פאַמעלעך –
נישטאָ וואָס צו איילן
באַגלייך ס׳וואָלטן וואַרטן
ווער ווייסט וויפל מיילן.
פאַמעלעך, פאַמעלעך,
ווער איילט אויף דער עלטער?
ס׳איז ווערט אַ מאַיאָנטעק
איין טראָט אַ געשטעלטער.
איין ליכטיקע רגע
איז, גלייב איך, באַשערט
די ״אייביקייט״ שטאָלצע
אַ וואָרף טון
פון קופּערנעם פערד!

## די יוגנט

די יוגנט ז'ניט מער,
ווי אַ ליכטיקער חלום,
מע דאַרף נאָר אַריבער דעם חלום
בשלום
כדי אין דער פינצטער
ניט בלאָנדזשען און טאַפּן אַ וואַנט.
ווייל דעמלט האָסט געדאַכט –
קענסט איבערקערן בערג,
און איצטער, בעת דיין באַיאָרטקייט –
אַז אַלע בערג
פאַלן איינס נאָכן אַנדערן
אויף דיר, רק אויף דיר...

אָבער ס'איז דאָך פאָרט
ניט מער ווי אַן אויסגעדאַכטעניש,
צי אפשר נאָר אַ שפּיצל אַזאַ
פון זיין ליבן נאָמען?!

## כ׳וואָלט אַנטלויפן...

סאַראַ ווילדע, וויסטע צייט
כ׳וואָלט אַנטלויפן פון איר,
שווער איך,
אָבער גיי אַנטלויף פון דער
וואָס דו טוסט צו איר געהערן,
ניט אַנטלויפן ועסטו ווייט
פון דער פליענדיקער צייט
איבער פליענדיקע שטערן.

## פאַרמעגן

פאַראַן אַזעלכע פיינע לייט
סע דאַכט זיך זיי –
זיי מוזן האָרעווען אַלץ מער און שווער,
און הייס
און זיי באַגיסן נעבעך זיך מיט קאַלטן שווייס.
סיי טאָג, סיי נאַכט,
זיי סטרויען אַלץ
דעם לייכט־טרעם פון דער קאַריערע...
און איך, דער גרויסער טיפּש,
דער נאַר דער אָפּגעריסענער
אין די קרירהדיקע,
פינצטערע קאַריערן
פון די קוילן־גריבער
ערגעץ אויפן ווייטן צפון
בין שיער אויף אייביק ניט
אַנטשלאָפן,
ווייל ניט געוואָלט
כ'האָב מאַכן קיין קאַריערע,
און דאָס איז מיין פאַרמעגן!
ניט פאַר קיין גרייזע טיפּשים,
כ'גיב עס ניט אַוועק,
ניט פאַר קיין יונגע שלעק.

# לאָמיר זיך איבערבעטן

און אפילו,
ווען אונדזער אַמאָליקע פריינדשאַפט
זאָל געווען זיין אויסגעבעט
מיט גאָלע ליגן,
לוינט זיך געוויס מער ניט ליגן
אין די לאַנגע, לאַנגע נעכט
אונטער אַזאַ מין איבערבעט,
ליגן מיט הייס־צעשפּאַרטע אויגן
וואָס שרפהן אויס פייערדיקע לעכער
אין דער שטאָק־פינצטערניש
און באַפריי זיך, בעט איך,
פונעם נאַרישסטן ליגן
אַז "די עלטער איז קעלטער",
לאָמיר זיך איבערבעטן,
ס'איז, קלער איך,
די עכטע צייט.

## וואָרצלען

שפּאַנען מיר אַרום אויף דער ערד
וואו געלאָזן האָבן מיר וואָרצלען
צוזאַמען מיט די איילבירט־ און מאַנדל־ביימעלעך.
אונדזערע יונגע דאַן, עקשנותדיקע וואָרצלען
האָבן מיר אַריינגשרויפּט
אין דורותדיקן שטיין־ און דאָרן־באָדן
פון ארץ ישראל
ביז...
ס'האָט באַגלייך מיט אונדזער הייסן בלוט
אַ טריף געטאָן
אַזאַ פּאַרפּלייצעניש
פון פרישן, כוואַליענדיקן שטראָם
דאָרט ערגעץ פון דער טיפסטער טיף...

## "אוי יידן, בני רחמנות"

זאָל דער אייבערשטער זיך מרחם זיין
אויף זיי, –
די געיאָגטע פון דעם אַמאָל
אַזוי ביטער, ניט גרינג צוגעהיימישטן
רוסישן שניי,
וואָס איז איצטער פלוצעם דול געוואָרן
און פּאַרפּאָראָשעט
מיט בייזן אָנצוואַנג
צו אַן איינציקער אַ פרייער וויזע
טאַקע נאָר צום ציוניזם...
האָט איר געזען
אַזאַ בייז־וואונדער?
האָט רחמנות, יידישע קינדער,
האָט רחמנות סיי אויף זיי
און סיי אויף אונדז אַלעמען, –
ווייַ געשריגן,
וויי אונדז –
וויי!

## ערב שבת

אויף ירושלימער כבישן
שורשען שוין שטילער די שינעס
און ס'דאַכט –
די יונגע,
די הויכע סאָסנעס
לענגאויס דעם פּראָספּעקט אשכול
רירט קיין ווינטעלע ניט אָן
זיי שאָרכען ניט אפילו
גלייך זיי וואָלטן פּאָרכטיק זיך גרייטן
צו ערב שבתדיקער תפילה.

# אָט דאָס איז עס

מיט אונדזער מדינ׳קעלע
האָבן מיר קאַלטס און וואַרעמס
אָבער וואָדען? –
איינעם איז אַ ביסל צו קאַלט,
דעם צווייטן – צו וואַרעם,
דעם דריטן קומט אַלץ אָן
מיט גרינע ווערים...
און איך אַליין מיט מיין האַרטנעקיקן געביין
וואָס קען איך טאָן?
קלאַפּן זיך פאַרצווייפלט
קאָפּ אין וואַנט,
ווייל ס׳איז דאָך טאַקע פאָרט
מיין איין־און־איינציק לאַנד...

אָט דאָס איז עס!

1998–1995

חײַלכל, חײַלכל - פֿאַרלירן דעם שמײכל !
פֿאַרלעכטער, פֿאַרבלײַבט ניט
קײן סימן, קײן צײכן,
אַז דו האָסט געלעבט
און צו עפּעס געשטרעבט
צי, ביסט אָפֿילו
פֿון ערגעץ אַוועק...

קײן סימן,
קײן צײכן
אָפֿילו קײן פֿלעק
אױף נאָסלעצן גראָז
וואו די מעטעשקעס ווימלען...
נאָר צו ביסט מײַן פֿרײַנט
מיט אַ שמײכל אַוועק
צו ליכטיקסטער הימלען
פֿון שלאָף אױפֿגעוועקט

# אונטער דער זון

ווער זאָגט אַז די קרענקלעכע עלטער,
די עלטער איז קעלטער?

פֿאַרוואָס זשע
אין מיט פֿון דער האַלבנאַכט
איך וועק מיך פֿון הייסן שווייס
פֿון לאַנג שוין פֿאַרלאָרענע פֿריינד,
זיי זינגען אַלץ האַרציק און צאָרנדיק
דורך די פֿאַרהאַקטע ציין?

און ס'שטאַרקט מיין געלעכטער
מיט קלאָג און געוויין,
און ווידער, ווידער
כ'נעם אָן זיך מיט גבורה
פֿון אויסגעלעבטע נייע לידער
אונטער דער הייסער זון
פֿון גבורה
פֿון מיין אויסגעשפּילטן זון.

9 אַפּריל 2000

## שמילעניאום

**א**

איך בין דווקא, ווי סע דאַכט,
אַ יונגערמאַנטשיק אין די יאָרן
און גוטע פריינט
זיי קלאַפּן פול מיט האָפענונג
אין מיינע פּלייצעס
און ווינטשן האָפערדיק
מיט גרויס בטחון
אַז צו דעם ניי־געבוירענעם יאָרטויזנט
כ'זאָל ניט אויפהערן צו וואַקסן
ווי אין סטויבער,
כ'זאָל זיך הייבן אַלץ
און פול מיט האָפענונג און גלויבן,
כ'וועל נאָך אויסגלייכן די פּלייצעס און וואַקסן
און איבערוואַקסן
מיינע הויקערדיקע אַקסל...

און דאָך – די נעכט מיינע
זיי ווערן קירצער אַלץ
און די טראַכטעניש
ווערן מיר אַלץ לענגער –
ס'וועקן מיט וואונד און מילדערניש
מלחמה־שרעק און העלדן־מוט
צעבלוטיקט און לעבעדיק
פאַרבלוטיקטע קרבנות –
זיי שווימען לאַנגזאַמע פון מיר אַוועק
און איך אַליין אַן עלנטער
איך בין פאַר זיי
דער איינציקער, דער האָפערדיקער ברעג.

ב

מילעניאום, שמילעניאום
ראַדיאָ ריידענישן
פאַרשיידענע פּראָפעסאָרן
פון זויערע און זיסלעכע באָרשטן
צי וועט זיין דאָרשטיק
אָדער ניט צופיל דאָרשטיק?
אַזוי פיל קריגערייַ
און טראַכטעניש –
טראַסציע מאַטערי!
היינט, מיניסטערס
וואָס קריכן איינס דאָס אַנדערע אויף די קעפּ און פּלייצעס
כדי באַגראָבן איינס דאָס צווייטע
נאָך ביזקל
דעם צווייטן יאָרטויזנט.

אָבער מיר גייט עס אַלץ ווייניק אָן
איך ליג אין געוויינלעכע האַלב דרעמלענישן
פאַרטיפט אין מיינע נאַרישע מאָדערנישע

גראַמען־פּלעכטערייען
און בריענדיקע קינדערישע געדענקשאַפּט
פון מיין גוטער מאַמען, מיין וואוילן טאַטן
און אין פייערן אויסגעצאַנקטע קרובים.

און פּלוצלינג, מיצקע דרינען,
גלייך דער רוח ווייסט ווער
וואָלט מיך אַרויסגעפּליקט
פון מיין געוויינלעכער האַלב־דרעמלעניש:
– שטיי אויף, דו, נעבעכדיקער שפּער־פּעפּער!
מיט אַ גענעץ אַ צעצויגענעם
אין שיינעם שליאַך אשכול
וואָס שלענגלט אַזוי פריש און שיין
צווישן די בערג
איך קוק זיך איין
און שטוין...

דעצעמבער 1999 – יאַנואַר 2000

## וואו ביסטו, מיין האַרציקע?

1

מײַנע אָפֿענע אויגן
ווי לייכטנדיקע לאַמטערנדלעך
אין פֿאַרכמורעטן גרויסן אַרויס:
וואו ביסטו, מיין האַרציקע?
וואו ביסטו, מיין שטערנדל?
מיט דיר בין איך האַלב,
אָן דיר בין איך קלענער פון אויס
וואָס רעד איך
קאָן דען זיין קלענער פון אויס?
ווייזט אויס –
דאָס רעד איך שוין פון היץ,
גיי קלאַפּ מיט פֿאַרצווייפלטע פויסטן
אין פֿאַרחושכטן פענצטער אַרויס.

2

ליג איך מיט אָפענע אויגן
און טראַכט
וואָס טראַכט איך,
איצט ביי די פיר אַזייגער
פאַר טאָג?
– פרעג ניט, אַז מען טראַכט,
דערטראַכט מען זיך אפשר
צו עפּעס רעכטס
האַ?
– פוסטע מחשבות
פון אַ טיפּש אַ גראָוון
וואָס אויקעט און קרעכצט
אויף זיין בינטל געביין,
מאַכט אַן אָנשטעל,
וויל פאַררעדן די ציין
מיט סקאַוואוטשענדיק געוויין.
– אָבער ס'ווערט דאָך פאָרט לינדער
ווען מע פאַררעדט די ציין...
בעיקר איז ניט אַזוי דאָס טראַכטן,
ווי דער גוטער מיין.

3

דער הימל שפּיגלט זיך
אין ים המלח,
און דער ים –
אין הימל
אַזאַ מין שפּיגלדיקע זוניקייט
אויף גאָר דער וועלט:
כאָטש נעם און צעזינג,
כאָטש נעם און צעקלינג זיך...
אָבער איך זיץ ביים ברעג

אַ פאַרוואָלקנטער פון אַלע כמאַרעס
אויף דער וועלט
ווייל קיין שום זאַך ניט,
נאָר דו, מיין חייקעלע,
דו מיין האַרציקסטע
ביז שאַרפסטן ווייטיק
היינט מיר פעלסט!

4

כאָטש סע שלעפּט מיך
שוין צום גרונט
פאַוואָלינקע, פאַוואָליע
און אָט באַלד וועט מיך שוין
צודעקן
דאָס שטומע וואַסער,
דאַרף מען, כ'בעט דיך,
אַזוי ניט רעשן,
פרואוון זיך קוויקן מיט הבל־הבלים.
צי דען שולדיק
דאָס שיינע וועלטל
פאַר שיינקייט מוז מען דאָך
פאַרט,
מוז מען אויך זיך צעצאָלן.

אויגוסט 1997

## מיר לעבן צווישן בערג

מיר לעבן צווישן בערג פֿאַרשנייטע
וואָס וויקלען זיך אין שאַרפֿער,
דורכדרינגלעכער קעלט.
סיי זומער און סיי ווינטער –
זיי וויקלען זיך
אין גראָווע כמאַרעס
ווי אין געדיכטע טוכן, שטיקער וואָל
און ס׳קלינגט די דורכזיכטיקע לופֿט
אויף מיילנווייט אַרום
און שלאָגט זיך אָפּ
אין פֿענצטער פֿינצטערע בייַנאַכטיקע
פֿון פֿאַרשלאָפֿענע הייזער.

אפילו ווען סע קושן זיך
פֿאַרליבטע פּאָרלעך,
דערטראָגט זיך זייער צערטלעכקייט
צו די אַרומיקע, שלעפֿערדיקע שטיבער
און ס׳טרעפֿט צומאָל
אַז אויך אפילו מערדער און פֿאַרברעכער,
אויך אפילו מחבלים
דערשרעקן זיך און לויפֿן
פֿון דער קלינגענדיקער שטילקייט־עכאָ
וואָס שלאָגט זיך אָפּ
פֿון מיינע בערג.

און אויך די אויטאָס,
וועלכע שאָרכן דורך
אויף דעם שאָסיי,
זיי לאָזן איבער ערגעצוואו
נאָך זיך,
ניין, נישט קיין געשריי –
אַן עכאָ פון אַ ווילדן ווידערקול,
גלייך אָפּגעקוילעט וואָלט זיי עמעצער
די קלינגעוודיקע שטילקייט פון דער נאַכט...

מיר לעבן צווישן בערג.

## האַ?

פּאָטער האַרציקער,
טוטס אַ שליידער אויף אונדז
די עלטער,
ווי דעם ווינטער אין ירושלים –
גלייך דיינע הימלען
וואָלסטו אַ שניט געטאָן
מיט אַ שאַרפן בליץ
אין ביינאַכטיקע פענצטער
פון פאַרשלאָפענע הייזער...

זי קומט, די עלטער,
מיט געוואוי און געדריי
פון ווינט און פון שניי –
אַן אמתער מבול!

אַ מבול!

אָבער מ׳זעט נאָך דערוויילע ניט
די ליכטיק־ווייסע טויב
מיטן לאָרבער־צווייגעלע
אין שנעבעלע!

ס׳לוינט זיך אפשר אויסוואַרטן,
אַביסעלע,
האַ?

## מע דאַרף

הער מיך אויס,
ס'איז ניט אַזוי געפערלעך
כל־זמן מיט זיך,
מיט זיך אַליין – געוועזן
ביסט ערלעך,
אפילו ווען געפעלט האָט
ברויט און זאַלץ,
אפילו ווען דאָס וואַסער איז
דערגאַנגען ביזן האַלדז...

הער מיך אויס,
ס'איז נישט אַזוי געפערלעך
כל־זמן דיר גייט נישט אָן
קיין קינאה־שינאה,
כאָטש מער פון אַלץ
איז דאָס אַ ביסל שווערלעך,
ווייל זיינע נעצן הערט נישט אויף
צו שפינען
ער אַליין, וואָס קיין מינוט
נישט רוט ער,
צעשאָטן זאָל ער ווערן,
דער נישט־גוטער!

הער מיך אויס,
ס'איז נישט אַזוי געפערלעך
כל־זמן מיט זיך,
מיט זיך אַליין ביסט ערלעך –
דער הימל, זיין זאָל ער געזונט,
דורך אַלע שווערע כמאַרעס –
אַלצאיינס, אַלצאיינס
וועט מוזן בלויען.

און זאָל צערינען ווי דער מאָרגנטוי
דיין טרויער,
ווייל צווישן ערד און הימל
וויגן זיך און וויגן
די אויסגעחלומטע,
די וואָרע קינדערוויגן.

הער מיך אויס,
מען דאַרף זיך האַלטן,
אַלטער!

ירושלים 1988

# אוקראַינע

1

אויב ס'וועט זיך אָנפרעגן אויף מיר
מיין וויגלאַנד, מיין געבוירנלאַנד,
מיין קינדהייט –
כ'טראָג אַנטקעגן אַלעמען דאָס וואונדער
אַז כ'אָטעם מיט דער פולער ברוסט
און, גאָט צו דאַנקען, –
כ'בין גענוג נאָך שטאַרק
און אויסהאַלטן ס'וועט מיין געזונטער קאַרק
די ערשטע ליבשאַפט
צו מיין זויגמוטער
אוקראַינע.

2

אוקראַאינע, אוקראַאינע וויגלאַנד אוקראַאינע
זאַפטיק בליען פעלדער גרינע
ביז צו מיין מדינה,
ווייט בין איך פון מיין פאָדאָליע
אין דער וועלט פאַרלאָרן
נאָר סע רוישט הינטער די פלייצעס
דיין געדיכטער קאָרן
און סע כישופט מיך דיין קאָבזע
פונקט ווי דודס האַרפע –
כ'קען מיין ניענקאַ אוקראַאינע
זיך מיט דיר ניט וואַרפן.

# אַ לאַגער־ליד

כאָטש מיר זענען
זייער ווייט פון פרייד,
ווייט פון פאַרגעניגן
לאָמיר, ברידער, שטילינקערהייט
אַ זינג טאָן אונדזער ניגון:

שמחת תורה
אַלץ איז דאָך כדאי
אויף דער וועלט דער גרויסער
אין דער ווייטער, זייער ווייטער פריי
קלינגען גילדענע כוסות...

ס'איז דער חושך שוין אַזוי געדיכט,
ס'באַהאַלטן זיך די שטערן...
ס'וועט זיך אָבער
דורכברעכן דאָס ליכט –
ווייט וועט נאָענט ווערן.

וואָרקוטאַ 1953 – ירושלים 1993

* *
*

אָפּגעגעסן האָב איך גאָר ניט לאַנג,
אויסגעטרונקען האָב איך אויך – אַ דאַנק!
נאָר זעט איר, אַ גלאָז טיי,
אַ שטאַרקע און אַ הייסע –
מהיכא־תיתי!
ווייל כ'בין שוין אַ געגעסענער
און כ'בין שוין אַ געטרונקענער,
איך בין שוין אַ געזעסענער
און כ'בין שוין אַ געזונקענער,
און כ'בין אַן אויפגעגאַנגענער
– וואו כ'בין ניט קיין פאַרזייטער –

איז גיסט מיר אָן אַ גלעזל טיי,
ווייל כ'בין ניט קיין געטייטער!

1958

# ערב חנוכה

היינט,
ערב חנוכה
איך זאָג צו זיך אַזוי:
צו ערשט כ'וועל טאָן
די הייליקע עבודה
פון אַ פּראָסטן שבת־גוי –

היינט,
כ'לעש אײנציקווײז
די רופנדיקע פײערן
פון רײצנדיקע שטעט,
פון פלעצער טײערע...

אַ בלאָז –
און ס'לעשן זיך
די פּאַלמען פון פּאַלערמאָ
און מירמל־אויסגעהעפּטע שלעסער
אין די קאַנאַלן פון װענעדיק
זיך פאַרלעשן...

אַ בלאָז –
און ס'גליװערן אין סענאַ־טײך די װעלן,
ס'פאַרזינקט אין פינצטערניש פּאַריז
מיט אַלע אירע רומפולע
בולװאַרן, פּלעצער, דענקמעלער,
באָרדעלן.

אַ בלאָז –
און ס׳ווערט פאַרלאָשן "זלאַטאַ פראַגאַ", –
די קלויז פון אַלטשטאָט
אינעם קרייז פון קלויסטערס גאָטישע,
ס׳פאַרשווינדט מאַדרידער פראַדאָ,
וואָס אָפּדאַרן זאָל צוויי מאָל מיר די האַנט,
אויב כ׳וועל אַהינצו קומען, גאָטעניו!

און ביז צום לעצטן פלעמל־טראָפּן,
צוזאַמען מיט מיין דורותדיקן וויי –
כ׳לעש אויס דעם גריכישן אַקראָפּאָל,
כ׳פאַרלעש דעם רוימער קאָליזיי

און אויך די שטראַליקע רובינען־שטערן, –
כאָטש ס׳לאָזן זיך דערביי אַראָפּ די הענט, –
כ׳פאַרלעש! און בלאַסער, בלאַסער, בלאַסער ווערן
די נאָענטע, די בלוטיק־רויטע ווענט,

און בלויז די גלעקעלעך וואַלדאַיער
נאָך ערגעץ וואו פאַראומערט קלינגען
באַגלייטנדיק דעם לעצטן שייטער־פייער,
וואָס ווייסע ווייטקייטן פאַשלינגען...

און אַלץ!
אַצינד כ׳צינד אָן
דאָס ערשטע ליכטל פון די אַכט,
וואָס פאָרכטיק בענטשן
וועל איך היינט פאַרנאַכט.

מאָסקווע 1969

## שימשון

איך טראָג אין האַרצן די דערמאָנונג
ווי אַ פֿאַרשפּיצטן, שאַרפֿן שטיין,
ווי קאָן איך מוחל זיין די שונאים,
ווען כ׳בין ניט מוחל זיך אַליין?

מיין גאָט, מיין שרפֿהנדיקע שינאה,
פֿאַרגיב מיר ניט קיין טראָפּן זינד,
נאָר גיב מיר קראַפט איך זאָל דיר דינען
ווי שימשון ווייטזיכטיק און בלינד,

די ויילן שאָקלען, שווער זאָל פֿאַלן
דער חושך אויף מיין הוילן קאָפּ
און דיין פרימאָרגן זאָל באַשטראַלן
מיין בערגל אַש. און אויס און אָפּ!

און מער זאָל קיינער ניט דערמאָנען
מיין זינדיק אויסגעפּלאָגט געביין.
ווי קאָן איך מוחל זיין די שונאים,
ווען כ׳בין ניט מוחל זיך אַליין!

1951

# קוימען־קערער

לאַנג שוין שמעקט ניט אונדזער קוימען
מיט קיין קוימענרויך,
ווי זשע קומט אַ קוימען־קערער,
דאָרטן, אין דער הויך?

ס'רודערט ניט קיין קוימען־קערער
ערגעץ לעבן דאַך,
נאָר אַ שוואַרצער טרוימען־הערער
טאָג־ווי־נאַכט איז וואַך.

און ס'כאַפּט אויף זיין זשענדע אויער
פּלייסיק און געטריי –
פּיצלעך פרייד און שטיקער טרויער,
רייד און שעפּטשעריי.

און מיט קלעפּיקע פאַרדאַכטן
וועבט ער אַלץ אַרום,
אַלץ – באַזונדערס ווען סע דאַכט אים,
אַז איך שטום,

נאָר מיין שווייגן,
גראָד מיין שווייגן
האַלט איך פעסט,
ווי אין אַ שטייגל...

ס'איז נאָך, קלער איך,
גאָט צו דאַנקען,
וואָס מע הערט ניט
קיין געדאַנקען.

1969

# גוטער דאָקטער וויי־צו־מיר

דעם "וועטערינאַר" פון דער יידישער ליטעראַטור –
ז. וועגדראָון צו זיינע 90 ביז הונדערט און צוואַנציק

גוטער דאָקטער וויי־צו־מיר
אַלע קומען צו דיין טיר
בעלי־חיים אַלערליי
שטייען אין אַ לאַנגער ריי.

ס׳קומט אַ האָזיכע צו־לויפן
ווי אַ רעבעצן אַ פרומע
– גיט אַן עצה, ליבער רופא,
אַלע וועגן זיינען קרומע,

ווי פרילישעט פון מערידן,
כ׳ווייס קיין רו ניט און קיין שלאָף:
אַז דער וואָלף זאָל זיין צופרידן,
אי ס׳זאָל גאַנץ בלייבן די שאָף...

ס׳פּליט אַ קוואָקע צעפּאָלאָשעט
גלייך פון סידעלע אַראָפּ
מיט איר פּיסקל, מיט איר לשון
פּיקט זי אין געגאָלטן קאָפּ:

– גוואַלד געשריגן, וואו איז יושר,
גוטער דאָקטער ווײ־צו־מיר,
לאָמיר לויפן, שרייען, רוישן,
פּראָטעסטירן אָן אַ שיעור...

ס׳קומען ברענגען צוויי גאָרדאָנען
דעם אַנאַליז פון השתנה –
סיי דער ראָש פון אָפּאָזיציע
סיי דער דאָס... דער צוויי־שטול־זיצער.

שטיל, באַשיידן, אונטערטעניק
קומט דאָס פוקסעלע רעמעניק
און דער חושים וואָס איז ענלעך
אויף דעם דיכטער ליפשיץ מענדל.

אָבער שאַט נאָר, מאַכט אַ וואַרע –
ס׳קומט אַריין פאַדיי גאָנטאַרין,
דער וואָס נאַשט פון פרעמדע ליטקעס
פּעפּערס, האַלקינס, אויך לייב קוויטקעס;
אָבער מער טוט אים געפעלן
לעקן איינס אַן אָרט ביים געלן...

און פון אַלע זייטן שיטן
פּראָזע־שמאַטניקעס, פּיאיטן
ס׳קומט אַ קאַץ און ס׳קומט אַ הונט.
אָבער ערגער ווען סע קומט
דער אַנסאַמבל פעסניע־פּליאַסקע
איין גרוביאַן מיט 50 מאַסקעס...

ליבער דאָקטער ווײ־צו־מיר,
אַלע קלאַפּן אין דײַן טיר
סײ געכאַפּטע, סײ די כאַפּערס,
סײ געקלאַפּטע, סײ די קלאַפּערס;

אַלע – "איך און מײַנע שיך",
אַלע ווילן הײלן זיך –
האָב רחמנות, ווײ צו מיר,
שפּאַר אַ ווײַלע צו די טיר!

מאָסקווע, 1966

# אויפן וועג שטייט אַ בוים

אויפן וועג איז אַ בעריאָזקעלע געוואַקסן
און דער ווינט האָט עס געבויגן ביי די אַקסל:
איי־ליו־ליו, איי־ליו־ליו געבויגן
ביי די אַקסל אירע דינינקע און צאַרטע.
וואָלט עס פליגל וואו געקראָגן כאָטש געגאַרטע,
וואָלט עס דאָך מיט מיר אַוועקגעפלויגן.
איי־ליו־ליו – מיט מיר אַוועקגעפלויגן
צו דעם לאַנד אויף שליאַכן אויסגעחלומט,
צו דעם לאַנד אין שלאַכטן אויסגעשלומט,
צו דעם לאַנד פון מיינע קינדסקינדער און אבות.

איז דאָך דאָס ניט מער ווי אַ קאַטאָוועס!
איי־ליו־ליו – ניט מער ווי אַ קאַטאָוועס.

אויפן וועג שטייט אַ בעריאָזקעלע געבויגן,
כ׳פלי פאַרביי –
פאַרוויינט זיינען די אויגן.
איי־ליו־ליו – פאַרוויינט זיינען די אויגן.

1969

# יידל מיטן פידל

לאָזט מיך הערן! לאָזט מיך הערן!
דו, פּאָליאַרער שטורעמווינט,
דערוואָרגן זאָלסטו ווערן!
שטיל – יוונים,
כלבים – שטומט! –
יידל מיטן פידל
וויינט און קלאָגט און ברומט –
ווי אַ טייך אַ גילדענער, זיין בענקשאַפט
טוט שוין פליסן – –
איז דער ירדן וואונדערלעכער,
וואָלט איך ווען וויסן? –
וואָס איז דאָ צו איבערקלערן,
זעגלען – אויפן ווינט!
כ'זעץ מיך אויף מיין שיפעלע
און... וואָרקוטאַ פאַרשווינדט...

...ס'מורמלען וואַסערן פאַרחלומט און מיין שיפל וויגן,
פון דעם ווייסן ציגעלע סע פלעמלט אויף אַ ניגון:

אוי מיין קלאָר־ווייס ציגעלע,
ווייזט אויס דו קאָנסט ניט האַנדלען, –
האָסט מיך ניט געבאַלעוועט
מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען!...

ס'קומען וואָלעכלעך ווי ווינטלעך,
וויקלען מיך און קושן...
ס'ווייִנט מײַן האַרץ – מײַן גוטע מוטער
זאָגט מיר שטילן מוסר:

"וואו האָסטו, מײַן קינד, געוואָגלט
איבער קאַלטע, פרעמדע וועלטן?
ניט געפּאָלגט האָסטו קיין מוטער,
ניט געהערט האָסטו קיין עלטערס...

"איצטער קומסטו, ווי דער מאַמען,
מיט צעביילטע פיס און קנאָכן,
דאַר און קוואַר און – סאַמע וואונדן
און דאָס האַרץ – געוויס צעבראָכן"...

כ'פאַל אַנידער –
זיי מיר מוחל, אייביקע און טרייע,
בלויז דײַן מוסר קאָן מיך היילן
און דײַן טרייסט – באַפרייען.

וויפל האָסטו אויסגעווייטיקט,
זינט איך בין געבאָרן,
וויפל פּערלדיקע טרערן
איבער מיר פאַרלאָרן!

כ'וואָלט אַצינד פאַר יעדער איינער
זייער פיל געגעבן –
בין איך אָרעם. האָב איך גאָרניט,
חוץ מײַן זינדיק לעבן.

און דעם אייבערשטן איז ווייניק
פאַר דײַן טרער – מײַן פוסטן אָטעם...

לאָז מיך, מאַמע, כאָטש אַ רגע
קינדיש וויינען אין דיין שאָטן!

– – –

סטרונעס ברומען, קוואַליעס קלינגען,
ס'יאָגט מיין שיפעלע שוין פלינקער,
ווי אַ שמייכל דורך די טרערן –
שטיל דערשיינט אַ וויטער שטערן,

ס'קלינגען טענער העלער, העלער,
ס'פליט התלהבותדיק דער סמיק –
ס'טראָגט זיך שוין מיין שיפל שנעלער
נאָכן גלעקעלע פון גליק!..

פלוצעם – בור־ממש!..
ס'ווערט אַלץ אַנטשוויגן.
בלויז מיין בלוט די שטיינער וואַשן,
פון מצרים ביז אָשווענטשים
קייקלט זיך און שטייגט דער ניגון:
"...פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא!"
– אויב דיין געטלעכקייט איז מענטשלעך,
טאַטע האַרציקער און זיסער,
טו דיין שיין פאַר מיר ניט שליסן –
הינטער מיינע פלייצעס ליגן
שלאַכטפעלדער און שווערע קברים,
האָסטו אַלע גלייך באַפרידיקט
פונעם קדוש ביזן וואָרעם?..
און די לעבעדיקע, פאָטער?

דו – אַלמעכטיקער און מילדער!
כ'בין ניט זוכה דאָס צו וויסן?

מעגלעך. נאָר באַשענקט האָסטו מיך
מיט דער פּיין פון מיין געוויסן.
וועל איך נאָכגיין ווי אַ שאָטן –
ענטפער, פאָטער!
ענטפער, פאָטער!

ניט פון איוב, ניט פון רש"י –
פון די קאַלכאַריוונס און גריבער
האָט עס מיך צו דיר פאַרשמיסן,
ס'פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא,
פאָטער האַרציקער און זיסער.
כ'וועל ניט אָפּגיין אויף קיין טראָט מער –
ענטפער, פאָטער, ענטפער, פאָטער!..

– – –

טויבע דונערדיקע טענער...
ס'קאָכט דער ים,
די הימלען ברענען,
שווערע צאָרנדיקע כמאַרעס
ביז די אַקסלען מיינע שפּאַרן – –

צווישן בליץ און צווישן חושך
איבער גיהנומדיקע טיפן,
צווישן האָפ'נונג און אַנטוישונג,
ווי אַ שפּענדעלע מיין שיפל – –

– – –

וואַרט נאָר, יידל, אָרעם יידל,
האָסט ניט מער דאָך ווי אַ פידל
און אַליין – ביסט הויט און ביינער,

ס׳קאָנען פּלוצעם אַלע סטרונעס
פּלאַצן מיטן האַרץ אינאיינעם!

ביסט אַ מאַרשעליק, אַ נביא?
ביסט אַ קנעכט און אַ "פאַרברעכער".
הערסטו ניט, ווי ס׳וואויען בלבים,
ווי די וויוגע שפּילט אויף שטעכדראָט?

לאָזט אים שפּילן,
לאָזט מיך הערן!
ס׳מעג די וועלט צעשטויסן ווערן –
וועט דער פידל זיך ניט שטילן!
זאָל צעפּלאַצט ווערן די וויוגע –
ס׳רייפט אויפסניי אין מיר די יוגנט!

ס׳קומט אַ ניגון נאָך אַ ניגון
שטאַרקער, האַרציקער און טיפער,
אויף די כוואַליעס פון דער פרייהייט
טראָגט זיך שוין אויפסניי מיין שיפל.

שטיל, יוונים!
כלבים – שטומט!
אויף די פליגל פון נגינה
די גאולה קומט.

וואָרקוטאַ 1952

## די נײַע פֿריילעכס

געווידמעט דעם זינגער, נײַעם עולה אלי כײַבאַג

אונדזער שפּילזינגער ר׳ אלי,
אונדזער בעל־מנגן אלי,
אויב דער עולם וואָלט נאָר וועלן —
כאַפּט ער תּיכּף זײַן קאַפּעליע
און ער זאָגט זיי:
חבֿרה, שטיל — — —
שטיל קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרים.
סטראָיעט אײַן די פֿיינע כּלים,
שפּילט צומישט אויף די סורדינקעס —
לעבן זיסן קלאַנג צו צײַלן,
שפּילט קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרים,
שפּילט מיר אויס דעם אַלטן ניגון,
זכרונים זאָלן זיך דערשווימבלען —
ווי די קינדער אין די וויגן,
קינדער זאָלן זיך צו די טאַטן,
צו די טאַטעס אויף די הענט
און די שטעטלעך זאָל אַפֿילו טאַנצן
און פֿאַרשווינדן זאָלן ווענט...
שפּילט קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרים,
אַ געזונט אײַך אין די פֿינגער!
אויפֿן האַרץ זאָל ווערן לײַכטיק
שפּילט אַ ביסעלע פֿלינקער
פֿלינקער, וואַרעמער, שטאַרקער,
זאָל די פֿרייד זיך איבערגיסן —
ווי דאָס שטאַרקע וויין וואָס ווײַזט
פֿאַרבאָרגן מתּנות און ברכות.
שפּילט קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרים,
אַ געזונט אײַך אין די ביינער,
זינגען זאָל די זון אין הימל,
טאַנצן זאָלן בערג און ביימער!

ירושלים, 1999

## אָמר יאָסעלע

אָמר יאָסעלע בדחן פון דאַשעוו:
"און וועט איר זיין פאַרכעס
און לאַנג נאָך קיין שימחות ניט פּראַווען,
בין איך מיר מישב
און גיב מיר אַן עצה –
אַ זעקל, אַ שטעקל,
די פּיס אויף די פּלייצעס,
און גיי מיר פּאַוואָליע
פון שטעטל צו שטעטל...

אַז וואויל איז דעם וואָגלער אויף שליאַכן פּאָדאָליער,
די נעץ און די קעלט זיינען לאַנג שוין אַנטלאָפן
דעריאָגן דעם ווינטער.
דער וואַרעמער הימל איז לויטער און אָפן
און לאַשטשעט די מענטשן ווי אייגענע קינדער,
סע בלישטשען די פרישינקע גרעזלעך פון נחת,
די שוועלבעלעך צוויטשען, די קאַליוזשעס לאַכן,
ס'איז גוט אויפן האַרצן, און ס'פּלעכטן זיך לידלעך,
סע פעלט נאָר צום רומל אַ שימחה ביי יידן...
פון דאַשעוו קיין הייסין, פון הייסין קיין בערשאַד...
ס'אַנטלויפן פון אונטער די פיס דיר די ווערסטן,
און טרעפסטו אַ פויער, וואָס גייט ביי דער סאָכע,
דו טראָגסט אים אַנטקעגן אַ האַרציקע ברכה:
– דיען דאָברי, באָך וו'פּאָמאָטש, וואָס מאַכסטו, מיקיטע?

– אַ דאַנק, – זאָגט ער – יאָסקע, ווי שטענדיק, ס'איז ביטער.
ניטאָ שוין קיין כוח די ליאַמקע צו שלעפּן,
ס'איז קראַנק די כודאָבע און שיטער דאָס טעפּל...
– עך, עך, טשעלאָוויטשע, ביי אונדז איז דאָס זעלבע.
ביי אונדז קרענקען ציגן, ביי אייך קרענקען קעלבער,
– אַ יאַק זשע פּרנסה? – פרעגט כיטרע מיקיטע.
– פּרנסה? – בעזנאָסע! דער קרופּניק איז שיטער...
– אַ שעפּסליאַ? – מיט שעפּסעלען שטעכט ער די אויגן.
דיין פּריץ איז – פרעג איך – אַ שענערער פויגל? –

אַ רענדל אַרויף און אַ רענדל אַראָפּ
און ס'איז דאָ דער סך־הכל:
– דאָס לעבן איז, הערסטו, ניט ווערט קיין פּיטאַקל.
– אָ, מאַך איך – איצטער האָסטו מיך פאַרשטאַנען,
אין מקח זיך אויסגעגלייכט, קאָן מען שוין שפּאַנען.
– בוואוואַי מיר! – און ווייטער אין וועג זיך געלאָזן.

מיט ריחות פון סאָסנע די ווינטעלעך בלאָזן,
די לופט אַ רפואה פאַר קאַליקע לונגען,
איך וואָלט ווי אַ פיש מיטן מויל זי געשלונגען.
און ס'פּאָכען וויטראַקעס פאַרביי מיט די פליגל,
און דערפעלער שווימען אַוועק ווי אַ ניגון,
ס'אַנטלויפן דאָך ממש די פריילעכע ווערסטן
פון דאַשעוו קיין הייסין, פון הייסין קיין בערשאַד...

– צי ווייסט איר, וואו דאַרף מען אַ חתונה שפּילן,
ס'וויל יאָסעלע בדחן ניט פעלן, חלילה,
אָט פּלאַץ איך פון מיינע געפעפערטע גראַמען,
צי ווייסט איר אַ שימחה, איך זאָל ניט פאַרזאַמען?

אַ שטעקל, אַ זעקל, איך גיי מיר פּאַוואָליע –
אַז וואויל איז דעם וואָגלער אויף שליאַכן פּאָדאָליער...

נאָר קום איך – מע וואונדערט זיך פשוט געפערלעך:
– וואָס איז עפּעס, יאָסעלע, מיצקע דערינען?

– – –

ס'איז, הערט איר, אַ פּנים, אַ ביסעלע שווערלעך
ביי אונדזערע יידן אַ שימחה געפינען."

*

– וואָס מאַכסטו דען, יאָסעלע, ווייי איז דער מאַמען,
– איך לאַטע דעם יידישן דלות מיט גראַמען;
ווי ס'לאַטעט דער שוסטער צעריסענע שקראַבעס,
די וואָך טו איך לאַטען מיט שטיקעלעך שבת.

– ס'איז עפּעס אַן עסק דעם עולם צו קיצלען,
אַ ייד מיט אַ באָרד און איז פּעאיק אויף שפּיצלעך,
אויף שפּילעכלעך, טענצלעך און ווילדע העוויות
און וואו איז דער תכלית דען, זונעניו טרייער?

– אוי, מאַמעניו, האָסט מיך אַזאַ שוין געבאָרן,
איך וואָלט פון געלעכטער צעשפּרונגען געוואָרן,
ווען כ'קוק אויף דער וועלט און איך וואַרג זיך מיט טרערן...
אַ גליק, וואָס אויף חתונות לאָז איך מיך הערן.

איך פליק מיר דאָס האַרץ אויף קאָליריקע בענדלעך
און וואַרף אינעם עולם, ווי גילדענע רענדלעך,
די פריילעכע גראַמען...
אוי, מאַמעניו־מאַמע!

– און וואו איז דער תכלית?
– אָט הערסטו דאָך טאַקע.
איך פרעג ביי דער וועלט, און זי ענטפערט – אַ מכה!

## אַ זאָג

וואָס קוקט איר מיך, גבירימלעך, אָן,
וואָס גלאָצט איר אויף מיר מיט די אויגן?
איר האַלט אין די הענט – אַ האָן,
איך האָב אינעם הימל אַ פויגל.

באַהאַלט אים דעם האָן אין דער שטייג,
באַוואָרנט מיט פרענט און מיט אייזן,
אין קעשענע טראָג איך אַ פייג,
און איך קאָן זי, חלילה, נאָך ווייזן.

וואָס דאַרף איך מאַיאָנטקעס, מיט פערד,
מיט לאַקייען, ווי לאָקשן פאַרדאַרטע! –
ס'איז גענוג מיר דאָס גראָז אויף דער ערד
וואו איך טו אויף מיין טייבעלע וואַרטן.

## דער שכל קומט נאָך די יאָרן

– וואָס האָסטו זיך, יאָסעלע בדחן, פאַרקלערט?
– אייסעך און ווייסעך און גייט עס אין דר'ערד!
ווי בראָנפן אַ לעק און ווי טאַבעק אַ שמעק –
וואו זיינען די גילדענע יאָרן אַוועק?...

אַ זונג און אַ שפרונג, און אַ שלונג פון דער כוסע:
דאָס האַרץ אויף לצנות פאַרקויף איך, רבותי!
נאָר פלוצעם, אין מיטן, פאַרבליבן בין איך,
ווי אַ ליכט, וואָס מען גיט אַ פאַרלעש אויף דער גיך...

שאַט יידעלעך, שאַט! כ׳בין געקומען צום שכל –
און דאָס איז, רבותי, אַ ביטערער צייכן:
פון יענער־וועלט קלינגט מען, איך זאָל ניט פאַרזאַמען,
מע נייטיקט זיך עקסטרע אין יאָסעלעס גראַמען.
גוואַלד, יידן, וואָס קוקט איר,
וואָס שטייט איר און שמייכלט!
ס׳איז יאָסעלע בדחן געקומען צום שכל!
באָדיי וואָלט איך בעסער משוגע געוואָרן,
וואָס טויג מיר דער שכל,
ווען ס׳פעלן די יאָרן!

## ווינטשעוואַניעס

וואָס כ׳קאָן ווינטשן מיינע שונאים, –
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
נאָר קיין הונגער ווינטש איך ניט,
למאַי זאָל איך אייך זאָגן.

זאָל זיך ברעכן זייער טיש
פון די פליישן, פון די פיש,
פון די טייערע מאכלים,
וואָס איך זע זיי ניט אין חלום,
פון די וויינען און געבעקסן –
ס׳איז ניט ווערט ביי מיר קיין זעקסער!
נאָר ניט שטראָף מיך פאַר די רייד –
כ׳ווינטש זיי ניט ביים טיש קיין פרייד,
און קיין ברעקל פאַרגעניגן
זאָלן זיי ביים טיש ניט קריגן.

וואָס כ'קאָן ווינטשן מיינע שונאים, –
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
אויך אַ דאַך איבערן קאָפּ,
למאַי זאָל איך אייך זאָגן.

ניט קיין דאַך – פּאַלאַצן גאַנצע,
סיי צום זיצן, סיי צום טאַנצן,
ספּאַלניעס, העלפאַנדביין – די בעטן,
שפּיגלען, ליוסטרעס און קלאָזעטן,
רייכע טעפּעכער טערקייער –
ס'איז ניט ווערט ביי מיר קיין דרייער!
נאָר קיין שלאָף זאָל זיי ניט נעמען
אויף די בעטן די באַקוועמע –
זאָלן זיי זיך דרייען, דרייען,
און די נאַכט זאָל ניט פאַרגייען!

וואָס כ'קאָן ווינטשן מיינע שונאים, –
זאָלן זיי פאַרמאָגן,
נאָר די קינדער שעלט איך ניט,
למאַי זאָל איך אייך זאָגן.

איי דער טאַטע איז אַ הונט,
וואָס האָב איך צום קינדס געזונט?
יעדעס קינד איז ריין און שיין,
ריין און שיין און מלא־חן,
פריש און זיס ווי דער פרימאָרגן,
נאָר דאָס גוטס – אין זיי פאַרבאָרגן!
אויך דעם שונאס קינד איך בענטש –
זאָל עס אויסוואַקסן אַ מענטש,
און דער שאָטן פון זיין טאַטן
זאָל חלילה אים ניט שאַטן!

## ווײַן און חכמה

דער בעסטער, דער טײַערסטער ווײַן –
אין פּעסער,
אין פעלענע פענכערס,
אין לײמענע כלים
פֿאַרהיט קאָן ער זײַן!

נאָר וואָלט איר,
כדומה למשל, געוואָלט
אין זילבערנע כלים,
אין כלים פֿון גאָלד
באַהאַלטן דעם ווײַן –

ניט געדאַכט זאָל עס זײַן:
זויער ער ווערט,
עסיק עס ווערט, –
ס'טויג אין דער ערד!

איר הערט? –
ס'איז אפשר איבעריק דערבײַ צו רײדן,
אַז חכמה מוז, ווי ווײַן,
אין פּשוטקייט זיך קליידן...

## וואַלד און אײַזן

ווען ס'האָט אײַזן זיך באַוויזן אויף דער וועלט –
אַדורכגענומען אַלע וועלדער האָט אַ קעלט,
דורכגעשוידערט פֿון די וואָרצלען ביז די קרוינען:
איצטער וועלן קומען רוצחים־העק

שינדן, וואַלגערן,
דעם שענסטן בוים ניט שוינען!

– וואָס איז דאָ אַזוי די שרעק? –
האָט געחוזקט אין דער שטיל דאָס אייזן. –
גיט קיין האָלץ ניט פאַר דעם שטיל,
וועט קיין האַק אפילו זיך ניט ווייזן!..

## יי״ש

ווען איך נעם אַביסל יי״ש
פינקלט אַלץ און גלאַנצט.
כ׳גיב אַ וואָרף די פוסטע פלאַש
און איך גיי אַ טאַנץ.

אוי, אוי, צוקער־זיס –
האַלט מיך ביי די הענט.
ס׳פלעכטן בייגעלעך די פיס –
די נשמה ברענט.

וואָס מיר שוויגער, ווער מיר ווייב,
ווייס איך זיי, די שלעק.
מיטן ערשטן קעלישעקל וויין
שווימען זיי אַוועק.

אוי, מאַמע, צוקער־זיס,
ברידער, קומט אין קאָן!
לאָמיר ווייזן, ווינד־און־וויסט,
וואָס אַ קבצן קאָן!

ווער מיר דאגות, וואָס מיר זאָרג,
שטראָף ניט פאַר די רייד,
גיב מיר, גאָטעניו, אויף באָרג
כאָטש אַ טראָפּן פרייד.

אוי, טאַטע, צוקער־זיס,
דאָס רעדעלע זיך דרייט –
ס׳קאָסטן צרות האַלב־אומזיסט,
שפּרינג צעזעצטערהייט!

ווען איך נעם אַ ביסל יי״ש,
בין איך גאָרניט דער,
כ׳גיב אַ וואָרף די פּוסטע פלאַש
און איך גיי אַ שער.

אוי, אוי, צוקער־זיס,
האַלט מיך ביי די הענט,
ס׳פּלעכטן בייגעלעך די פיס,
די נשמה ברענט!

## אַ וואָרט פאַרן טויט

געוויס וועט איר טרויעריק זיין, מיינע פריינד,
נאָר טרויערן לוינט זיך ניט לאַנג –
דאָס רעדל וועט ווייטער זיך דרייען גאַנץ פיין,
ס׳וועט גיין זיך זיין פריילעכן גאַנג.

כאָטש פריילעכקייט האָב איך פאַרמאָגט אויפן לויט
און צרות – אויף פודן פאַרמאָגט,

פונדעסטוועגן לויב איך דאָס לעבן און זאָג:
פאַרברענט זאָל ער ווערן, דער טויט!

די גליקן פון גאָר דעם גן־עדן, איך שווער,
כ'וואָלט אָפּגעבן, זייט ניט באַטריבט,
פאַר אַ ביסעלע צרות אָט דאָ אויף דער ערד,
וואו געוועזן כ'בין שטערבלעך פאַרליבט.

כ'וואָלט געוויינט און געלאַכט,
מיט מיין חיות פאַרבראַכט,
און פון אָרעמע קרובים און פריינד
כ'וואָלט מיט ליכטיקע גראַמען געטריבן די נאַכט,
ביז מיין שטערן וואָלט שטערבלעך געשיינט.

## אברהמעלע און בליומציע

### אויפן שפּאַציר

געוועזן ביסטו, מיין שוסטעריונג,
אַ פריילעכקייט, אַ ברען!
וואָס איז מיט דיר, אברהמעלע,
פון וואַנען און פון ווען?

סע קלאַפּט ניט מער דאָס העמערל
און ס'ציט ניט מיין די צוואַנג...
די כלי האָסטו צוגעקילט? –
מע הערט ניט קיין געזאַנג.

און ס'וואַרטן דיינע חברה־לייט
אַן אָוונט היינט אומזיסט...
די פּיס, חלילה, ווייטיקן, –
דיין טענצעלע וואו איז?

דיין טענצל און דיין לידעלע,
דיין שפּיצלדיקער וויץ...
די מרה־שחורה קריכט אויף אונדז,
אַברהמעלע, באַשיץ!

"גאָלדפּאַדעמס" זיסע שטיקעלעך
האָסטו צו אונדז געבראַכט –
"די לינדנביימער טרויערן
נאָך דיר אַ גאַנצע נאַכט..."

ס'איז איפן שפּאַציר אומעטיק,
די מיידלעך בענקען אויך.
וואו ביסטו דען, אַברהמעלע? –
פאַרשוואונדן ווי אַ רויך...

**ביי בליומציען אינעם ווינקעלער**

ס'איז פריילעך היינט אין ווינקעלער –
סע שוויצן אַזש די ווענט;
אין ווינקל זיצט אַברהמעלע,
דעם קאָפּ איןביידע הענט.

פאַרלאָשן דער ציגייער ליגט,
פאַרגעסן איז די גלאָז...
פאַרקלערט האָט זיך מיין שוסטעריונג,
אַראָפּגעלאָזט די נאָז...

און בליומציע בליט,
און בליומציע פליט,
און די פּאַטשיילע ברענט.
די געסט באַדינט זי שמייכלענדיק
און ס'בלענדן אירע הענט,

זי פליט פאַרביי און טוט אַ ברי
אברהמלען מיטן בליק
און ס'יאָגט איר נאָך זיין בענקעניש
און ציט זי אויף צוריק.

### און דאָ קומט יאָסעלע אַריין

די טיר צעפּראַלט זיך לאַכנדיק,
אוי, ברודער, שאַט נאָר, שאַט:
ס'קומט יאָסעלע דער דאַשעווער
אַריין מיט אַ וויוואַט!

דאָס פליענדיקע בערדעלע
פאַררוקט איז אָן אַ זייט...
– ברוך־הבא, רב יאָסעלע,
פון נאָענט, צי פון ווייט?
און ס'ציען זיך צו יאָסעלען
די קעלישעקלעך ויין,
ווי ס'ציען זיך די בלימעלעך
פרימאָרגן צו דער שיין.
די אויגן ווערן גלעטנדיק.
און בענקענדיק און ווייט:
"מכבד זיין אַ בדחן איז
אַ מצווה, יונגע־לייט,
פון ווייסעך־וואו איך קום אַצינד,

כ'בין אויסגעווען אַ וועלט,
געגראַמט, געטאַנצט, געלצעוועט
און פרייד האָט מיר געפעלט...

דאָך גראַמען מיט המצאהלעך
געבראַכט האָב איך – אַ זאַק,
נאָר בליומציע, לאָ, איך וואַרף מיך ניט,
איך גיב זיי ניט פאַר ת"ק!
ווייל דיר איז, כ'לעבן, פּראָסט אַ זינד
פאַרבלייבן לאַנג אַליין –
אַ שטאָט מיט כלות טריקענען,
פאַרשעלטן דיין געביין!"

ס'ווערט בליומציע רויט און קייכנדיק
זי טרייבט פון זיך די פאַרב –
"אוי, גייט שוין, גייט... גענוג שוין אייך,
מען קאָן פון אייך... איך שטאַרב!..."
זי לאַכט און פלאַמט נאָך העלישער,
נאָר ס'טוט אין האַרץ אַ שניט:
מיט אויגן מיט משוגענע
אַברהמעלע זי ציט...

## אָט איז בליומציע

זאָלן לייטן באַלעבעטשען –
כ'הער זיי ווי דעם שניי!
רק באַרעדט מען, רק באַרעדט מען,
פּלאַצן זאָלן זיי!

זינט מיין גרשון איז געשטאָרבן
ליכטיק זאָל אים זיין,

קוואַר איך, דאַר איך, מיינע שונאים,
האַנדליווע מיט וויין,
כ׳קוק אַרויס ווי אויף משיחן
פון דער שיינער שענק –
טאָמער קומט אַ מאָל אַ שיכור,
שיק אים גאָט אַ קרענק!
לויף איך תיכף הענדעם־פּענדעם
קניקסנדיק און פיין:
– וואָס פאַרלאַנגט איר, דאָבראָדיעו,
ווימאַראָזיק? ווייַן?

צי אפשר עפּעס בריענדיקס
פאַרלאַנגט איר אַקוראַט! –
דערלאַנג איך אייך דאָס "אָדערל"
פון סאַמע העכסטן גראַד!
און פליט אין מאָנאָפּאָלקעווסקע,
אין צאַרסקע פּאַראַדיז –
פאַרגעסט נאָר ניט די קלינגערלעך
אַ וואָרף טאָן אויפן טיש.

זאָלן לייטן באַלעבעטשען –
כ׳הער זיי מיטן שניי.
רק באַרעדט מען, רק באַרעדט מען,
פּלאַצן זאָלן זיי!
שולדיק בין איך, טאָמער קומען
יונגע־לייט אַריין.
זינגען, לצעווען און טרינקען
פינגערהויטלעך ווייַן – –

– – –

סע קייקלען זיך די פעסעלעך,
מע קלאַפּט זיך אין לאָטאָ.
מע לויבט מיך אין דער וועלט אַריין,
באַגלייך איך בין ניטאָ.

מע קוקט ניט אין די טעלער גאָר,
מע פרעסט מיך מיטן בליק,
מע מאָלט מיך ווי אַ מלאכל –
מע מיינט איך בין באַגליקט!

– בליומציע, בליומע, בלימעלע, –
ס'הייבט אויף זיך אַ יונגאַטש –
– איך קאָן דיך ניט אַרומנעמען
אויס מורא פאַר אַ פּאַטש...

– בליומע, בליומציע, בלימעלע, –
ווי האָניקטייג ער קלעפּט:
– איך קאָן דיר ניט אַ קוש געבן
אויס מורא פאַר די קלעפּ...

אַ צווייטער פרעגט אַ קלאָץ־קשיא:
דערקלער אים ניט קיין סך –
דעם כוח פון די חן־גריבלעך,
ווען בליומציע טוט אַ לאַך.

און מיט "פּרנסה", דאַנקען גאָט,
כ'בין, דאַכט זיך, שוין פאַרזאָרגט:
דו שענק אים נאָר אַ שמייכעלע
אַ נאַכט ער טרינקט אויף באָרג! – –

– – –

נאָר פלוצעם טוט זיך יאָסעלע
אַ הייב, אַ קלאַפּ אין טיש:
– עד־כאן! גענוג שוין, הענדעלעך,
גענוג שוין איך – האַ – קיש!

ס'איז בליומציע... נאָר די דימענטן
איך וואַרף ניט אויפן מיסט.
כ'וועל גראַמען אויף איר חתונה
פאַר איר אַליין, אומזיסט!

אָט זיצט מיין פריינד אברהמעלע
און שטילערהייט ער צאַנקט.
"אונד איבערפאָל זיין הערצע איסט
מיט שטערבליכעס געזאַנג"...

גענוג שוין, ליבע ברידערלעך,
לאָזט איבער אים אין שענק,
כ'האָב אויך אַ מאָל, ניט דאָ געדאַכט,
מיט ליבעניש געקרענקט...

**"ער זאָגט צו מיר אַזוי"...**

זיי זיינען זיך אַוועק, און איך,
פון בושה ווער פאַרברענט,
סע פאַלן מיר די טעלער,
שונא־ציון, פון די הענט.

ער שווייגט.
ער שווייגט, אברהמעלע,
מיין האַרץ נאָר טיאָכקעט הויך,

עס חלשט פֿאַרן שוסטעריונג:
– נו, טו זיך אָן אַ כּוח!..

נאָר דאַנקען גאָט, –
ער הייבט שוין אָן,
דער שטערן איז אין טוי,
די אויגן זיינע פֿלאַקערן,
ער זאָגט צו מיר
אַזוי:

– באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע,
געזונט זאָלט איר מיר זיין!
זאָל זיין כאָטש פֿונעם פּראָסטינקן,
גיסט אָן אַ גלעזל וויין.

קיין שיכור, ווייסט איר, בין איך ניט,
נאָר ס'טוט אַ מאָל אַ קלעם...
קיין גאָלד, פֿאַרשטייט זיך, שפּין איך ניט,
נאָר דאַנקען גאָט פֿאַר דעם...

אַ שוסטער בין איך, קרוינעניו,
אַ פֿלעקל צו די שיך.
נאָר גייט געפֿינט אַזוינעם נאָך,
וואָס בקי איז ווי איך –

אַ ריבטשיקל, ווי לייגט מען עס,
ווי שניצט מען אָן אָפּצאַס,
וואָס דאַרף מען, כ'בעט אייך, לייקענען, –
סע וואַלגערט זיך אין גאַס?

באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע, –
אַ קאַפּעטשקעלע, קרויך!

ס'איז רעכט פון גאָט אַ בלאָז צו טאָן
און ס'פּאַלט אַזאַ פאַרשוין...

פון זינט איך בין באַקענט מיך אייך,
און כ'קום צו אייך אַריין,
בין איך ווי אַ גפּעפּנטעטער
און ס'נעמט מיך ניט קיין ווייז!

קיין מיידלעך מער דערמאָנט מיר ניט,
וואָס גייען זיי מיך אָפּ,
ווען ס'האָט מיר מיין אַלמנהניו
אַראָפּגעדרייט דעם קאָפּ!

פאַרשטאָכן ווי אַן אָל אין האַרץ
און ס'ציט פון מיר די קליי,
וואָס בין איך, וואָס, אַ שטאָלענער?
סע טוט מיר טאַקע וויי.

באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע!
לאַנג לעבן זאָלט איר, לאַנג.
איך האָב שוין באַלד קיין לשון ניט
און ס'לעשט ניט דאָס געטראַנק.

אַ חופּה מיט פיר שטעקענער
און נעמען זאָל אַן עק!
איך קאָן שוין מער קיין רגע ניט,
וואָס בין איך, וואָס – אַ שנעק?

און זאָלן די קלעזמאָרימלעך
אַ זעץ טאָן, ווי ס'געהער:
"אַ קאָזעקל" אין שפּאָרעלעך,
אַ פריילעכס מיט אַ שער,

דאָס פידעלע זאָל דרשנען
און כליפּען זאָל דער באַס,
און יאָסעלע דער דאַשעווער
זאָל גראַמען, ווי סע פּאַסט.

ווייל דו ביסט אַ געבאָרענע
פאַר מיר אַליין. און שוין.
חוץ אַלעמען פאַרשפּאָרן מיר
שדכנות־געלט, מיין קרוין".

– – –

...נו, זאָגט אַליין, ווי זאָגט מען אָפּ
אַ שוסטערוק – אַ פערד?
"שדכנות־געלט פאַרשפּאָרן מיר" –
האָט איר אַ מאָל געהערט?

"שדכנות־געלט פאַרשפּאָרן מיר" –
געזען האָט איר אַ כוואַט!..
געבליבן איז, די חתונה
מיר שפּילן אָפּ אין שבט.

– – –

## פאַרן באַזעצן

ברייטער, מחותנימלעך, די טויערן און טירן,
די כלהניו, די כלהניו, די כלה טוט מען פירן,
און טאָמער ווילט איר וויסן גאָר דעם ייחוס פון דער כלה,
טאָ זאָגט מען, אַז פון הימל איז אַ שטערנדל געפאַלן.

און טאָמער איז אייך ווייניקלעך דער נדן, וואָס מע גיט,
טאָ ברענגט זי פּאַר דעם חתן דעם גן־עדן מיט זיך מיט,
דעם גן־עדן, חתן־לעבן, ברענגט זי צוליב דיר,
וואָס זשע שטייסטו חסר־דעה? – עפן אויף די טיר!

שטילער, שטילער, ברידערלעך – די כלה קומט אַריין.
אוי, ניט אַזוי דער שטערן, ווי די פינקלענדיקע שיין,
ניט אַזוי די שיינקייט, ווי דער צוגעדעקטער חן –
די צעפּ איבער די אַקסלען און דאָס פּאַוועדיקע גיין.

די טרערן אין די אויגן, ווי די ראָסע אויף אַ רויז,
ווען ס'קומט נאָר דער פרימאָרגן אויף גאָטס וועלטעלע אַרויס.
און ווען אַ שמייכל טוט באַווייזן אירע פּערלדיקע ציין,
דאַרף מען שטאַרקער זיין פון אייזן זאָגן "כלה־לעבן, וויין".

נאָר אַ בדחן, ברידערלעך, קאַפּויר דאָך טוט אַלצדינג:
ווען ס'איז ביטער אויפן האַרץ – קיצלט ער און זינגט.
און ווען דאָס האַרץ איז נאָך אַ שמייכל דאָרשטיק און פאַרחלשט,
שרייט ער, בעט ער זיך און כליפּעט וויין זשע, וויין זשע, כלה!

## דערציילט אויף אַן אָרעמער חתונה...

### הקדמה

וואָס האָט איר, קבצניקעס,
אַרויסגעשטעלט די באָלעבעס?
דאָס מויל איז – ביז די אויערן,
די אויערן – פּאַרשפּיצט...

היינט וועל איך קיינעם פון די גבירים
ניט באַמאָלן איך,
קיין ניבול־פה וועל איך ניט ריידן
איצט.

אפילו שעפּסל דעם פּראָצענטניק
ניט זאַטשעפּען כ'וועל, חלילה,
ער איז אַ פרומער ייד,
אַ זיידענער,
אַ שטילער
און ווי אַ מילגרוים פול
זיין טייסטער איז
מיט כשרע נשמות.
דערצו האָט ער די פיינע שטאָט
אין שול
און אין דער שטאָט –
דעם פיינעם נאָמען...

אוי דאַרף מען,
פליאַסקעדריגעס און פאַרטאַטשעס,
אוי דאַרף מען איך אַוועקלייגן
און פּאַטשן, –
סטייטש, איר זאָגט:
ער איז אַ קאָכלעפל פון אונטן
און אַ טעלערלעקער אויבן!
אָט גיי איך טאַקע גלויבן,
ווען איר שרייט,
אַז ער פאַרמאָגט אַ גילדן שליסעלע
צום פריץ
און אַ גרויסן שלאָס
פאַר אָרעמע־לייט!

ניין, ניין,
איך וויל אפילו היינט
קיין ניבול־פה ניט הערן.
כ'וועל זיין פאַר שעפּסעלען
אַ גוטער מליץ־יושר, מעג איך שווערן,
פאַר אים און פאַר זיין שטאַם,
דער דאַרער צנועה – דער מאַדאַם, –
אַ גילגול פון אַ שערל –
זיין סערל מיט די פּערל...
אויך פאַר די טעכטערלעך די פיינע,
וואָס רימפּלען אויף דער פּיאַנע...
נאָר דער עיקר – ניט פאַרגעסט
די איידעמלעך, וואָס פּיקן זיך אַרויס
פון קעסט, –
וואָס איינער אין געשעפט
דאָס בייכל טוט שוין גלעטן,
דער צווייטער שוין שטודירט ערגעץ
אין די פּיי־טער־באַר־גער
או־ני־ווער־סי־טע־טן!

נאָר שקאָצים, ניט געכאַפּט,
ס'איז ניט קיין הייסע פאַרפל,
דאָס גוטע וואָרט פאַר שעפּסעלען
וועל איך נאָך באַדאַרפן
און דערווייל,
ווי באַלד עס איז צום אָרט
דערצייל איך אייך אַ מעשה
וועגן אַ גוט וואָרט.

**איז – הערט**

פון די ווינקעלעך, קלעזמער,
פון די ווינקעלעך
אויף די סורדינקעלעך, קלעזמער,
אויף די סורדינקעלעך!
האַלט אונטער מיר דעם טאָן –
די מעשה הייב איך אָן...

שטעלט פאָר אייך אַ שטעטל אַ מאָל אין דער ליטע –
אַ שול, אַ בית־עולם, אַ מאַרק אין דער מיטן
און שטיבלעך, געווײנלעך, באַדעקטע מיט שינדלען,
און ווייבלעך, וואָס האַלטן כסדר אין קינדלען,
אַ גבאי, אַ שטאָטבאָק, אַ בלאָטע אַ טיפע,
אַ משוגענער אויך און אַ "קנעפל" מיט שליפעס...
אַ באָד מיט אַ מיקווה, מלמדים און ציגן,
אַ בדחן, וואָס גייט פון דער וועלט פאַר אַ ניגון
און חסידים, וואָס נאַשןביים רבין שיריים
מיט שקאָצים־פּראָסטאַקעס, וואָס רק נאָר זיי שרייען –

אַ שטאָט מיט קבצנים – אַ יידישע שטאָט,
נאָר ניט ווי ביי לייטן – באַוואָרן מיך גאָט!
באַהיט זאָל מען ווערן! פון קליין ביזקל גרויס,
געלעבט האָבן דאָרטן ליטוואַקעס דורכויס!..
– נאָר ווי זאָל איך ווייטער מיין מעשה דערציילן? –
סע שווייגן די קלעזמער מיט זייערע כלים!

קלעזמאָרימלעך, דערמונטערט מיך,
ניט באָמקעט אונטער סתם,
האַלט אונטער מיך, האַלט אונטער מיך,
האַלט אונטער מיך צום גראַם!

...און אַ ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ, שייך צו זאָגן,
די קרימלעכע געגג מיט די ווילדע מינהגים!
למשל, געווען דאָרט אַ מינהג ביי זיי:
ווערט נפטר אַ קבצן, איז - תיכף, איינס־צוויי, -
אַ כאַפּ אויפֿן קאַרק און - אַראָפּ פונעם מאַרק!

נאָר טאָמער (אוי־וואַ) ס'טוט אַ שטאַרב מיט אַ מאָל
אַ נגיד, אַ תקיף, אַ קנאַקער ביי קהל,
דאַן טוט מען ניט איילן, דאַן טוט מען ניט כאַפּן
און ס'העלפט קיין געשריי, קיין געוויין, קיין ממתקים,
קיין קלאַפּ אינעם שטענדער, קיין אל־מלא־רחמים -
דער בר־מינן ליגט און... קבצנימלעך לאַכן,
פאַר וואָס? ווייל געווען איז אַ דין דאָרט אַזאַ מין:
מע ברענגט ניט צו קבורה דעם נגיד - ביז וואַנען,
ביז וואַנען אַ קבצן דערבאַרעמט זיך, הערט איר,
און זאָגט וועגן מת כאָטש אַ פּאָר גוטע ווערטער...

אַ ליטוואַק, דאָס ווייסט איר אַליין דאָך, איז קאַרג -
אַ הערינג ער עסט און טאַפּט זיך ביים קאַרק,
צי איז ער ניט פעטער געוואָרן אַ ביסל,
צי ווערט ניט געדיכטער די גרויפּ אין דער שיסל,
בפרט אַ גוט וואָרט אויף אַ נגיד פאַרלאַנגען -
באַדאַרף מען שוין ציען מיט אייזערנע צוואַנגען!
נאָר, מילא, נאָר גאָרניט, נאָר יאַקאָש, נאָר דאָך...
(די קלעזמער, זיי מאַכן אין האַרץ מיר אַ לאָך!)

קלעזמאָרימלעך, האַלט אונטער מיר
דעם סאַמע רעכטן טאָן!
ניטאָ קיין צייט אייך מונטערן -
דעם עיקר הייב איך אָן.

נאָר איין מאָל, נאָר פּלוצעם, נאָר ראַפּטעם, הערט אויס מיך –
ס'גייט כּאָדאָראָם ליטע, אין שטאָט טוט זיך חושך:
מע קלייבט זיך אין רעדלעך, מע חקירהט, מע טענהט,
מע היצט און מע שוויצט און די אייגעלעך שיינען,
מע האַוועט, מע פּליט, ווי געריירטע פון זינען...

– וואָס איז פּאַר אַ שימחה אין מיצקע דערינען?
– סטייטש, הערט נאָר אַ מעשה, איר ווייסט ניט, רב קרוב? –
דער גרעסטער פּראָצענטניק איז ניפטר געוואָרן!

אַזאַ דבר־אַחר, אַ זלידניע, אַ צאַפּער,
אַזוינס איז גאָר שווער אויף דער וועלט צו דערטאַפּן,
גיי זוך איבער זיבן־מאָל־זיבן מדינות
ווערסטו אַזאַ שפּין אויף דער וועלט ניט געפינען!

– געשטאָרבן? אר־וואַ! איי־איי־איי!.. ס'איז באַשערט!
ס'אַ רחמנות אַזעלכעס צו באַגראָבן אין דר'ערד...
– באַגראָבן? כּע־כּע! ער וועט, מירצעשעם, ליגן
אַזוי ווי אַ גראַף... הלוואי זאָג איך ליגן!..

בקיצור, מען האָט זיך געקאָכט אַ טעג צוויי
דערנאָך איז דער עולם צעגאַנגען, ווי שניי:
דער שוסטער האָט ווידער געשטשאָבעט אַ שקראַב,
דער באָנדער האָט ווידער די רייפן געקלאַפּט,
געוואַרט האָט אויף קונים דער קרעמער אין קלייט,
דער מעקלער האָט ווידער זיין דרייעכץ געדרייט,
דער תנא האָט ווידער זיין דרינגעכץ געדרונגען
און יידעלעך – ווידער געשטאָרבן פון הונגער,
און ווייבעלעך ווידער בפירוש געקינדלט
און ס'האָבן די טעג ווי אַ מילראָד געשווינדלט...

קלעזמאָרימלעך, געלאַסענער –
אויף די סורדינקעס, קוים:
אַ זילבערנער, אַ בלאַסינקער –
אַ ניגון אויף אַ צוים.

...און דערווייל קערט זיך איבער דער גבירישער מויער,
די גבירנטע חלשט, די טעכטערלעך וואויען...
די איידעמלעך שלעפן שוין פראָסט פאַר די פאָלעס:
– רב קבצן, מיר ווילן, וואָס אַרט איך, באַצאָלן!
– אַ רענדל אַ וואָרט, אַ גוט וואָרט וועגן מת...
אַ האַלבע ירושה, זייט מוחל, פאַרגעסט,
– נו איז ער געווען, ווי זאָגט איר, אַן אכזר...
– נו איז ער געווען, ווי זאָגט איר, אַ חזיר,
– אַ שפּין...
– אַ דאָנאָשטשיק...
– אַ... וואָס אין דער קאָרט!...
איז טאַקע, ווי זאָגט איר,
– אין דר'ערד אים אַן אָרט...
פאַר וואָס זאָלט איר טאַקע ניט זאָגן דעם וואָרט?...

נאָר לאָוו מיט אַ ספּאָדיק – עקשנים־ליטוואַקעס,
קאַרג אויף אַ וואָרט – כאָטש דערלאַנג זיי אַ מכה!..

די איידעמלעך טומלען און לויפן זיך לאָדן
פון רב צו דעם דיין, פון דיין צום אדון,
נאָר ס'העלפט ניט קיין דיין, קיין רבי, קיין ספּראַווניק,
קיין וויינען, קיין שמירן, קיין לויפן, קיין האַווען,
קיין קלאַפּן אין שטענדער, קיין אל־מלא־רחמים –
דער בר־מינן ליגט און... קבצנימלעך לאַכן!..
בקיצור, ס'איז פריילעך, נאָר... וואַרט נאָר אַ ווײַלע –
סע זיצן די קלעזמער מיט אָפענע מיילער:

אַ פריילעכקייט, אַ פריילעכקייט –
קעלזומאָרימלעך דערלאַנגט,
כ'וואָלט גלאַט אַזוי דערציילן עס –
דער ניגון טוט מיר באַנג...

סע מאַכן דערווייל די קברנים אַ קערטל
און בראָנפן מע זויפט פון אַ בלעכענעם קווערטל,
געשמאַק מע פאַרבייסט אַ געקוילעטן הערינג
און מע לויבט די אַמאָליקע צייטן גאַנץ גערן,
מע קרעכצט, וואָס געשלאָגן איז היינט די פרנסה,
קיין מתים קיין רעכטע... ס'איז אַלץ עפּעס דאָסיק...
מע שעלט די פּאָגאָדע, די ווייבער, נאָר קענטיק –
פאַרגעסן מע האָט פון דעם פיינעם פראָצענטניק!
מע זאָל כאָטש דערמאָנען אַן "אַלעווהאַשנאָבל"
און יענער, מע זאָגט, אַז ער שמעקט שוין מיט קנאָבל!
הכלל, ס'וואָלט דאָס שטעטל געוואָרן פאַרעיפּושט,
ווען ס'קומט ניט קיין חכם, צי אפשר אַ טיפּש,
אַן אביון, וואָס ווייסט וואו דעם דלות באַהאַלטן –
ס'פאַרמאָגט זיין קאַפּאָטע ביי זיבעציק שפּאַלטן,
אַזאַ, וואָס ביים גביר האָט פאַרמשכנט דעם נאָמען
און ס'איז אים געבליבן ניט מער – די נשמה...

אַ יידישע ווייכע נשמה, איר זיסקייט
איז גאָרניט צום שאַצן! אָט הערט, ווער איר וויסן:
געלאָזט האָט ער אויסרופן הויך, בקול רם –
געזוכט האָט ער לאַנג, ווי אין מידבר אַ שוואָם,
געניסטערט און אויסגעווען וואו נאָר אַ לאָך
און אַזוי ווי אַן אוצר דערטאַפּט האָט ער דאָך
פאַר אים, פאַרן נגיד, די ווערטער די גוטע.
און דווקא אויס מיצווה, ער נעמט ניט קיין פרוטה!

הכלל... נאָר סע טוט נאָך אַ ניגון מיך קלעמען, –
סע זיצן די קלעזמער פאַרקלערט, ווי די לעמער!

קלעזמאָרימלעך, קלעזמאָרימלעך,
די סטרונע וועקט פון שלאָף,
די כלים טוט אַ טאָרע נאָר –
די מעשה גייט צום סוף.

מע קלאַפּט אין די טאַצן, מע בלאָזט אין די שופרות
און מלא־גדולה די אײדעמלעך לויפן
צום אביון. צוריק שוין – אין דרייען זיי גייען
און ס'קראַצן ליטוואַקעס די בערד און די פּיאות,
מע ברעכט זיך די מוחות: ווי קריגט מען עס טאַקע
איין וואָרט כאָטש אַ גוטס פאַר אַזאַ מין סאָבאַקע?..

די דאַרע לאַקייען צעשפּאַרן דעם טויער,
מע גייט און מע גייט צום נגידישן מויער.
מע קומט אין דער סאַליע, וואו אַלץ איז אין טרויער,
די מאַדאַם חלשט אַלץ נאָך, די טעכטערלעך וואויען,
די אײדעמלעך, עפּעס בגניבה, זיי שיינען –
מע טיילט אין געדאַנק די ירושה, די פּיינע...

דער רב איז שוין דאָ און דער גבאי איז דאָ שוין,
ביים בר־מינן שטעלן זיך אויס די שמשים.
געקומען אפילו איז אויך אויף חריפות
דער אדון אַליין מיט די גילדענע שליפּעס,
בפרט די קבצנימלעך – דאַרפט איר נאָך פרעגן –
אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ און מע גאַפט אויף די געגל!
– שאַט־שאַט! – גיט דער גבאי אַ ברום און פאַרכאַפּט זיך:
צום ניפטר צוקאָפּנס גייט וואַזשנע דער קבצן,
ער שטעלט זיך און דברט, ליטוואַקיש מיסטאַמע,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַזאַ, מיטן "קוועץ" אויפן סאַמעך:

– רבותי, כאָטש מענצן באַעוולטע זאָגן
אפילו אויף אים, דעם פאַרסטאָרבענעם נגיד:
אַן אכזר, אַ פושע־ישראל, אַ רשע,
געפּליקט פון די צײן ביי קבצנים דעם גראָשן,
ביי וויסטע אלמנות – דעם ביטערן ביסן,
נאָר הערט מיך, נישקשה, כ'לאָז טאָן אייך וויסן:
ס'אַ סאָדן אַ גרויסער, אַ גרויסע פּאָציערע,
מע מעג זיך בפירוש באַוואָסן מיט טרערן,
ווייל גוט קוקט זיך איין אין זיין צורה געשווינדער –
איר זעט דעם מת? –
איז ער געווען אַ הונט
אַנטקעגן זיינע קינדער!

שטילער, שאַט, קלעזמאָרימלעך,
שטילער, שאַט און – אויס!
אַ שטעקל אַריין און אַ פלעקל אַרויס,
אַ צוועקל אַרויס און אַ גלעקל אַריין –
דערלאַנגט מיר, זייט מוחל,
אַ קעלישעק וויין –
ס'איז מיר שוין, שקאָצים, איבערגעטריקנט
געוואָרן דער האַלדז.
לחיים!

וואָרקוטאַ 1953

## יוסף קערלערס ביכער דערשינענע אין ישראל

**דאָס געזאַנג צווישן ציין** (לידער)
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל אביב, 1971.

**זעט איר דאָך** (לידער)
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל אביב, 1972.

**12טער אויגוסט 1952** (זכרונות, לידער, עסייען)
"פאַרלאַג אייגנס", ירושלים, 1978.

**די ערשטע זיבן יאָר** (לידער)
"פאַרלאַג אייגנס", ירושלים, 1979 (צווייטע אויפלאַגע 1986).

**הימלשאַפט** (בלעטלעך פּראָזע און לידער)
פאַרלאַג "ירושלימער אַלמאַנאַך", ירושלים, 1986.

**געקליבענע פּראָזע** (עסייען, זכרונות, דערציילונגען)
פאַרלאַג "ירושלימער אַלמאַנאַך", ירושלים, 1991.

**אַבי געזונט** (לידער פון היינט און פון נעכטן)
"פאַרלאַג אייגנס", ירושלים, 1993.

**שפּיגל־כתב** (געציילטע לידער),
צוזאַמען מיט באָריס קאַרלאָוו, פאַרלאַג "ירושלימער אַלמאַנאַך",
ירושלים, 1996.

**הזמר בין השינים**
תרגם מיידיש יעקב שופט, הוצ' חלונות, 2000.